בְּעֶזְרַת הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ

# דִי שֵׁיינְקַייט פוּן יוֹם טוֹב

## פּוּרִים

צוזַאמֶענגֶעשְׁטֶעלְט און בֶּעאַרְבֶּעט

פון

**מְנַחֵם מֶנְדְל**

יְרוּשָׁלַיִם ה׳תשמ״ט

# אִינְהַאלְט

עֶרְשְׁטֶער קַאפִּיטְל: **עַד דְלֹא יָדַע**

נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד

דֶער פּוּרִים רָב אַ עַקְשָׁן

מִיט גִימַטְרִיאוֹת

אַ אִיד — אַ הָמָן

נִישְׁט גֶעלָאזְט פוּן הִימְל

# נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד

רַבִּי נִיסָן צוּקֶערְמַאנְדל, הָאט גֶעפִירְט אַ גְרוֹיסְן גְלָאז־פַאבְרִיק אִין אַ שְׁטֶעטְל נֶעבְּן דִי שְׁטָאט פְּרֶעשְׁבּוּרְג. אוֹיף דֶער עֶלְטֶער הָאט עֶר זוֹכֶה גֶעוֶוען צוּ אַ בֶּן־זָכָר. דָאס אִינְגֶל אִיז גֶעבָּארְן גֶעוָוארְן עֶנְדֶע חוֹדֶשׁ שְׁבַט שְׁנַת תקפ״ג. דֶער בְּרִית הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט זַיין צוּ דֶער צַייט צוּם אַכְטְן טָאג, אוּן עֶס אִיז אָפְּגֶעשְׁטוּפְּט גֶעוָוארְן אוֹיף פּוּרִים, ד.ה. דְרַיי וָואכְן נָאכְן גֶעבּוּרְט.

דֶער בְּרִית מִילָה אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען אִין בֵּית מִדְרָשׁ פוּן הַגָאוֹן רַבִּי מֹשֶׁה סוֹפֵר זצ״ל, דֶער רָב אוּן רֹאשׁ יְשִׁיבָה פוּן פְּרֶעשְׁבּוּרְג, בַּאוואוּסְט אִין דֶער וֶועלְט אַלְס דֶער ״חֲתַם סוֹפֵר״. עֶר אִיז טַאקֶע גֶעוֶוען דֶער מוֹהֵל. דֶער חֲתַם סוֹפֵר אִיז גֶעוֶוען אִין אַ גֶעהוֹיבֶּענֶע שְׁטִימוּנְג אוּן זַייעֶר פְרֵיילַאךְ. זַיינֶע לִיפְּן הָאבְּן זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעזוּנְגֶען: לַיְּהוּדִים הָיְתָה

אוֹרָה — דָאס אִיז תּוֹרָה! שִׂמְחָה — דָאס אִיז יוֹם טוֹב! שָׂשׂוֹן — דָאס אִיז מִילָה! וִיקָר — דָאס אִיז תְּפִילִין! (מְגִילָה ט״ז) און דָא בַּיים בְּרִית זַיינֶען אַלֶע מְקוּיָם גֶעוָוארְן!

צוּם וואוּנְדֶער פוּן אַלֶעמֶען הָאט דֶער חֲתַם סוֹפֵר בַּיים עֶנְדִיגְן דָאס מוֹהֵל זַיין, גֶעגֶעבְּן מִיט זַיין אִין־וַויין־אַיינְגֶעטוּנְקֶענֶעם פִינְגֶער צוּם קִינְד אִין פִּיסְקֶל, ווִי דֶער מִנְהָג אִיז, און זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט פוּרִים־וֶוערְטְל׳דִיג: ״נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד״ גֵייט אַרַיין דִי וַויין — גֵייט אַרוֹיס דֶער סוֹד — —

וָואס עֶר הָאט גֶעמֵיינְט מִיט דִי וֶוערְטֶער, הָאט קֵיינֶער נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען, און וֶוער וֶועט וַואגְן אִיהם אֲפִילוּ צוּ פְרֶעגְן. אוּמְזִיסְט הָאט דֶער פָּאטֶער פוּן קִינְד רַבִּי נִיסָן גֶעפְּרוּבְט צוּ דְרִיקְן אוֹיפְן רֹאשׁ־בֵּית־דִין פוּן פְּרֶעשְׁבּוּרְג הַגָּאוֹן רַבִּי דָנִיאֵל פְּרוּסְטְנִיץ, וָואס אִיז גֶעוֶוען דֶער סַנְדָק בַּיים בְּרִית, עֶר זָאל פְרֶעגְן דֶעם רֶבִּין, וָואס אִיז גֶעוֶוען זַיין כַּוָנָה מִיטְן ״נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד״, אָבֶער עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוַואגְט צוּ פְרֶעגְן אַ וָוארְט.

דָאס קִינְד הָאט מֶען אַ נָאמֶען גֶעגֶעבְּן ״בָּרוּךְ

מָרְדְכַי״, לוֹיטְן טָאג פּוּרים (״בָּרוּךְ מָרְדְכַי הַיְהוּדִי״). נָאכְן בְּרִית אוּן די סְעוּדָה, זַיינֶען די עֶלְטֶערְן מִיטְן קִינְד צוּריק גֶעפָאהרְן אִין זֵייעֶר שְׁטֶעטְל, אוּן קֵיינֶער הָאט זִיךְ מֶער נִישְׁט אִינְטֶרֶעסִירְט וֶועגְן קִינְד אוּן זַיין אַנְטְוִויקְלוּנְג.

*

בָּרוּךְ־מָרְדְכַי אִיז עֶלְטֶער גֶעוָוארְן אוּן מִיט דֶער צַייט גֶעוָוארְן אַ ״יְשִׁיבָה בָּחוּר״. גֶעוֶועזְן אִיז עֶר אַ גְרוֹיסֶער יְרֵא שָׁמַיִם אוּן גֶעזֶעסְן אוּן גֶעלֶערְנְט מִיט גְרוֹיס הַתְמָדָה, אָבֶער עֶר וֵוייסְט גָארְנִישְׁט אִין תּוֹרָה. בַּיי יֶעדְן פַארְהֶער אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז עֶר אַרוֹיס דֶער עֶרְגְסְטֶער פוּן אַלֶעמֶען. אַלֶע חֲבֵרִים פְלֶעגְן קוּקְן אוֹיף אִיהם מִיט אַ רַחְמָנוּת גֶעפִיהל אוּן הָאבְּן אֲפִילוּ גֶעהַאט עַגְמַת־נֶפֶשׁ. זֵיי הָאבְּן גֶע׳טַעֲנֶה׳ט: עֶר אִיז דָאךְ דֶער גְרֶעסְטֶער מַתְמִיד פוּן יְשִׁיבָה, אוּן פַאקְטִישׁ דֶער עֶרְגְסְטֶער אִין פַארְשְׁטַאנְד. וָואס עֶר לֶערְנְט פַארְגֶעסְט עֶר, אוּן אִיז אַ גְרוֹיסֶער עַם הָאָרֶץ, כָאטְשׁ עֶר דַאוְונְט מִיט טְרֶערְן אוּן הֶערְט נִישְׁט אוֹיף צוּ לֶערְנֶען; וָואס פַאר אַ קְלָלָה לִיגְט אוֹיף דֶעם אָרִימֶער בָּחוּר?! —

פְלֶעגְן זָאגְן אוֹיף אִיהם די חֲבֵרִים און מַגִידֵי שִׁיעוּר.

בָּרוּךְ־מָרְדְכַי אַלֵיין פְלֶעגְט זיך אוֹיסְדְרִיקְן:

— וָואס בִין איך שׁוּלְדִיג, אַז אִיךְ הָאב נִישְׁט קֵיין קָאפּ — אִיז ״בָּרוּךְ שֶׁעָשַׂנִי כִּרְצוֹנוֹ״ — —

און ווי אַזוֹי עֶר אִיז גֶעוֶוען שְׁוַואךְ אִין לֶערְנֶען — אַזוֹי אִיז עֶר גֶעוֶוען שְׁטַארְק אַנְטְווִיקֶלְט קֶערְפֶּערְלִיךְ, הוֹיךְ וִוי אַ טֶענֶענְבּוֹים און הֶעלְדִישׁ.

*

אַמָאל אִין אַ צוֹם־גְדַלְיָה פוּן יָאהר תקצ״ח, און אַ שְׁטַארְקֶער הָאגְל און רֶעגְן גֵייט אַרָאפּ אִין שְׁטָאט פְּרֶעשְׁבּוּרְג און טַייכְלַאךְ וַואסֶער הָאבְּן פַארְפְלֵייצְט אַלֶע גַאסְן פוּן שְׁטָאט. דַאן אִיז גֶעגַאנְגֶען בָּרוּךְ־מָרְדְכַי אִין שׁוּהל. בַּאגֶעגְנְט עֶר דֶעם חֲתַם־סוֹפֵר וִוי עֶר וִויל גֵיין צוּם רִיכְטוּנְג פוּן די יְשִׁיבָה, און קֶען נִישְׁט גֵיין צוּלִיבּ די וַואסֶערְן. אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ אִיהם בָּרוּךְ־מָרְדְכַי, גֶענוּמֶען אִיהם אוֹיף די פְּלֵייצֶעס און אַרִיבֶּער גֶעפִירְט די וֶועג בִּיז די יְשִׁיבָה.

— מִיט וָואס זָאל אִיךְ דִיר בֶּענְטְשְׁן? — פְּרֶעגְט אִיהם דֶער חֲתַם־סוֹפֵר.

— דֶער רֶבִּי זָאל מִיר בֶּענְטְשְׁן אִיךְ זָאל נִישְׁט הָאבְּן קֵיין גַאֲוָה!

— כֵּן יְהִי רָצוֹן — רוּפְט זִיךְ אָן דֶער רֶבִּי.

— אָמֵן! — עֶנְטְפֶערְט דֶער בָּחוּר.

*

דָאס יָאהר תר״א. בָּרוּךְ מָרְדְּכַי אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען צוּם אַכְטְצֶנְטְן יָאהר אוּן עֶס מַאכְט זִיךְ נִישְׁט קֵיין שִׁידוּךְ פַאר אִיהם. אַ נָאמֶען הָאט עֶר אִין גַאנְץ שְׁטָאט אַז עֶר קֶען נִישְׁט קֵיין גְמָרָא, קֵיין חוּמָשׁ אוּן קֵיין אַנְדֶער זַאךְ. דִי קִינְדֶער רוּפְן אִיהם ״עַם־הָאָרֶץ־חָסִיד״, עַם־הָאָרֶץ וַוייל עֶר קֶען נִישְׁט לֶערְנֶען, חָסִיד וַוייל עֶר דַאוֹונְט מִיט טְרֶערְן, אוּן וַוייל עֶר זִיצְט אַ גַאנְצְן טָאג נֶעבְּן אַ גְמָרָא אוּן שָׁאקֶלְט מִיט דִי לִיפְּן...

דֶעם בָּחוּר הָאט מֶען אַמָאל אָפְּגֶעטְהוּן אַ שְׁפִּיצֶל. עֶר זִיצְט אַמָאל אִין שׁוּהל אוּן אַ גְמָרָא

"סוכָּה" איז אָפְּן פּאר אִיהם און עֶר זִיצְט און זָאגְט און זָאגְט. און דָא דַארְף עֶר אַרויסגֵיין אויף אַ מִינוט. אִיז צוגֶעגַאנְגֶען אַ אִינְגְל, אַ לֵץ, פַּארְמַאכְט די גְמָרָא "סוכָּה" און אַנְשְׁטָאט דֶעם אַװעקְגֶעלֵייגְט די גְמָרָא "בָּבָא־מְצִיעָא" אָפֶענֶערְהֵייט. בָּרוּךְ־מָרְדְכַי קומְט צורִיק און זֶעצְט זִיךְ נֶעבְּן די גְמָרָא און נֶעמְט װַײטֶער זָאגְן, װֶוען אַלֶע צולַאכְן זִיךְ...

מִיט אַמָאל הָאט אויסְגֶעבְּרָאכְן אַ שְׂרֵיפָה אִין זַיין טַאטְנְס פַּאבְּרִיק און זַיין גַאנְצֶע רַייכְקַייט אִיז אַװֶעק מִיטְן רויךְ, בָּרוּךְ מָרְדְכַי אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַזוֹי װִי אויפְן װַאסֶער.

הָאט אִיהם דֶער גָאוֹן רַבִּי שְׁמוּאֵל בִּנְיָמִין סוֹפֵר זצ"ל, דֶער "כְּתַב סוֹפֵר" אַ עֵצָה גֶעגֶעבְּן, עֶר זָאל פַּארְלָאזְן פְּרֶעשְׁבּוּרְג און קומֶען קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, עֶר הָאט אִיהם גֶעװוּאונְטְשְׁן אַז דָארְטְן װֶועט עֶר מַצְלִיחַ זַיין און גֶעפִינֶען זַיין רִיכְטִיגְן זִיווּג. דֶער פָּארְשְׁלַאג גֶעפֶעלְט בָּרוּךְ־מָרְדְכַי'ן און עֶר בַּאשְׁטִימְט עוֹלֶה צוּ זַיין קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל און דָארְטְן פַּארְבְּלַייבְּן. אָבֶער װאו נֶעמְט מֶען אויף די אויסְגַאבְּן װָאס דַארְף קָאסְטְן אַזַא נְסִיעָה?

בָּרוּךְ מָרְדְכַי הָאט אַ רַייכְן פֶּעטֶער אִין דִי שְׁטָאט ווין. מֶען רוּפְט אִיהם רַבִּי הֶערְשׁ טוּדֶעמְקָא. איז אַיינְגֶעפַאלְן בָּרוּךְ־מָרְדְכַי׳ן עֶר זָאל דֶעם פֶּעטֶער בֶּעטְן אוֹיף דִי אוֹיסְגַאבְּן.

עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין יָאהר תר״ב. עֶס אִיז נִפְטַר גֶעוָוארְן דֶער רָב פוּן דִי שְׁטָאט הֶעדְיוֹס דֶער רָב רַבִּי בֶּענְדֶעט (מְחַבֵּר סֵפֶר ״כֶּסֶף נִבְחָר״). זַיינֶען גֶעקוּמֶען אוֹיף דִי לְוַיָה אַ סַאךְ רַבָּנִים פוּן דִי אַרוּמִיגֶע יִשׁוּבִים, אוּן דֶער ״כְּתַב סוֹפֵר״ הָאט אִיהם מַסְפִּיד גֶעוֶוען. פְּלוּצִים דֶערְזֶעהט בָּרוּךְ־מָרְדְכַי וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אוֹיף דִי לְוַיָה זַיין פֶּעטֶער רַבִּי הֶערְשׁ. הָאט עֶר אִיהם גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל הֶעלְפְן מִיט דִי אוֹיסְגַאבְּן צוּ פָארְן קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל. דֶער פֶּעטֶער הָאט זִיךְ מְיַישֵׁב גֶעוֶוען מִיטְן ״כְּתַב סוֹפֵר״ אוּן עֶר הָאט מַסְכִּים גֶעוֶוען דֶערוֹיף.

*

אִין אַ גוּטֶע שָׁעָה אוּן בָּרוּךְ־מָרְדְכַי אִיז שׁוֹין אִין יְרוּשָׁלַיִם הַאלְטְנְדִיג אַ כְּתַב־הַמְלָצָה פוּן דֶעם מַשְׁגִיחַ פוּן דֶער יְשִׁיבָה רַבִּי שְׁרַגָא פֶעלְדְהַיים וָואס שְׁרַייבְּט אוֹיף אִיהם צְווישְׁן דִי אִיבֶּערִיגֶע: ״אִיךְ

קֶען עֵדות זָאגְן אַז בָּרוּךְ־מָרְדְכַי ב״ר נִיסְן צוּקֶערְמַאנְדְל הָאט גֶעלֶערְנְט פוּן זַיין יוּגְנְט בִּיז יֶעצְט אִין אוּנְזֶער יְשִׁיבָה. עֶר אִיז אַ יְרֵא־שָׁמַיִם אוּן דַאוְונְט גוּט. עֶר הָאט אַ שְׁטַארְקְן רָצוֹן צוּ לֶערְנֶען״.

אָנְקוּמֶענְדִיג אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען גַאנְץ שְׁפֶּעט אִין אָוֶונְד. אִין אַלֶע שְׁטִיבֶּער אִיז שׁוֹין טוּנְקְל. דֶער בָּחוּר דְרֵייט זִיךְ אִין דִי שְׁמָאלֶע פִּינְסְטֶערֶע גֶעסְלַאךְ פוּן דִי אַלְטֶע שְׁטָאט, אוּן וֵוייסְט נִישְׁט וואוּ צוּ גֵיין. פְּלוּצִים מֶערְקְט עֶר אַ שַׁיין וָואס גֵייט אַרוֹיס פוּן אֵיינֶע פוּן דִי שְׁטִיבֶּער. קְלַאפְּט עֶר אָן אִין טְהִיר, אוּן דֶער בַּעַל הַבַּיִת עֶפְנְט דִי טְהִיר, נֶעמְט אוֹיף דֶעם אוֹרֵחַ מִיט אַ לִיבְּלַאכְן שְׁמֵייכְל אוּן פִירְט אִיהם אַרַיין אִין שְׁטוּב. דָאס אִיז גֶעוֶוען הַצַדִיק רַבִּי יְשַׁעְיָה בַּרְדַקִי.

אִין אָנְפַאנְג אִיז רַבִּי יְשַׁעְיָה אִיבֶּערַאשְׁט גֶעוָוארְן הֶערְנְדִיג ווִי עֶר בָּרוּךְ מָרְדְכַי לֵייעֶנְט קְרִיאַת־שְׁמַע ווִי אֵיינֶער צֵיילְט גֶעלְד, אוּן מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת, אָבֶּער גַאנְץ שְׁנֶעל אִיז רַבִּי יְשַׁעְיָה עֶנְטוֹישְׁט גֶעוָוארְן פוּן דֶעם אוֹרֵחַ. עֶר הָאט גֶענוּמֶען רֶעדְן מִיט אִיהם אִין לֶערְנֶען אוּן עֶר

וֵוייסְט נִישְׁט פוּן זַיין רֶעכְטֶע זַייט אוּן פוּן זַיין לִינְקֶע זַייט. נִישְׁט קֵיין בְּלַאט גְמָרָא, נִישְׁט קֵיין פַּרְשָׁה חוּמָשׁ. רַבִּי יְשַׁעְיָה הָאט שׁוֹין גֶעזֶעהן וָואס פַאר אַ כְּלִי דָאס אִיז, אַ יְרֵא שָׁמַיִם אָבֶער אָן אַ רֵיחַ פוּן תּוֹרָה. עֶר וואוּנְדֶערְט זִיךְ: אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר אַלֶע יָאהרְן אוּן וֵוייס מַמָשׁ גָארְנִישְׁט?!

רַבִּי יְשַׁעְיָה הָאט רַחְמָנוּת גֶעהַאט אוֹיף דֶעם בָּחוּר, אוּן אִיהם פָארְגֶעלֵייגְט עֶר זָאל וֶוערְן זַיין שַׁמָשׁ, אוּן אַ שַׁמָשׁ אִין זַיין בֵּית־מִדְרָשׁ, דֶערְפַאר וֶועט עֶר עֶסְן אוֹיף זַיין טִישׁ שְׁטֶענְדִיג אוּן אַלֶע גֶעבְּרוּיכְן וֶועט עֶר אִיהם בַּאזָארְגְן. בָּרוּךְ מָרְדְכַי הָאט זִיךְ גֶעפְרֵיידְט אוֹיף דֶעם פָארְשְׁלַאג אוּן עֶס גֶערְן אָנְגֶענוּמֶען.

בָּרוּךְ מָרְדְכַי אִיז בַּאלְד צוּפוּיקְט גֶעוָוארְן צְווִישְׁן דִי יְרוּשָׁלַיְמֶער קִינְדֶער אוּן בַּחוּרִים אַלְס אַ מָאדְנֶער בָּחוּר וָואס זִיצְט שְׁטֶענְדִיג נֶעבְן אַ אָפֶענֶע גְמָרָא אָדֶער חוּמָשׁ, קוּקְט אוּן זָאגְט, אוּן וֵוייסְט נִישְׁט וָואס עֶר זָאגְט. אָבֶער זֵיי לַאכְן נִישְׁט פוּן אִיהם, נָאר זֵיי הָאבְן מִיטְלַייד מִיט אִיהם אוּן טְשֶׁעפֶּען אִיהם נִישְׁט, זֶעהֶענְדִיג אַז דֶער גָאוֹן רַבִּי יְשַׁעְיָה בַּרְדַקִי אִיז אִיהם שְׁטַארְק מְקָרֵב.

אין אַ צײט אַרום, דערצײלט בּרוך־מרדכי פאר רבּי ישעיה׳ן אַז חודש שבט תר״ג, ווערט ער צוואנציג יאהר און גוטע אידן אין פרעשבּורג האבּן איהם געזאגט ער זאל אַ שידוך טהון בּײם צוואנציגסטן יאהר. רבּי ישעיה האט רחמנות אויף דעם בּחור, ער פיהלט אַז ער מײנט עס לשם שמים מיט אַ אמונה פּשוטה. האט ער נישט גערוהט בּיז ער האט איהם אפּגעזוכט אַ שידוך, אַ אָרימע יתומה וואס האט מסכּים געווען צו נעמען אַ בּחור וואס האט יראת שמים כאטש ער איז נישט קײן תּלמיד חכם. די חתונה צווישן זײ איז געפּראוועט געווארן מיט גרויס פּאראַד. רבּי אורי אורנשטײן איז געווען דער מסדר קידושין. ער האט געמאַכט די סעודה און משמח געווען חתן־כּלה ווי זײ וואלטן געווען זײנע אײגענע קינדער.

*

דער גאון רבּי ישעיה בּרדקי איז נפטר געווארן, און בּרוך־מרדכי איז געבּליבּן אָן קײן פּרנסה. קײן ישיבה האט איהם נישט געוואלט אַרײננעמען צו זיך, ווײבּאלד ער האט נישט קײן בּאַגריף אין תּורה. האט ער זיך מיַישב געווען מיט

זַיין וַוייבּ און בֵּיידֶע הָאבְּן בַּאשְׁטימְט אַז מֶען מוז זיך נעמֶען צו עֶפּעס אַ מְלָאכָה. זיי הָאבְּן נישְׁט גֶעפונֶען קֵיין אַנְדֶער זַאךְ, הָאט עֶר בַּאשְׁטימְט צו וֶוערְן אַ וַואסֶער טְרֶעגֶער. דָאס הֵייסְט שֶׁעפְּן וַואסֶער פון דִי בּורות און בְּרֵיינְגֶען צו דִי אַיינְוואוינֶער, און פון דֶעם וֶועט עֶר צִיהֶען זַיין חִיוּנָה.

בָּרוךְ מָרְדְכַי פִיהרְט עֶס בַּאלְד אויס. עֶר קויפְּט זיך אַיין דִי "גֶעצַייג" — אַ שְׁטֶעקְן אויף דִי פְּלֵייצֶע, שְׁטְרִיק און בְּלֶעכְן. טָאג־טֶעגְלִיךְ שֶׁעפְּט עֶר וַואסֶער פון דִי בּורות און בְּרֵיינְגְט עֶס אִין דִי שְׁטִיבֶּער צו דִי אַיינְוואוינֶער פון דַייטְשְׁן פְּלַאץ (בָּתֵי מַחֲסָה) וֶועלְכֶע בַּאצָאהלְן אִיהם גוט, און עֶר צִיהט אַרויס דֶערְפון פַּרְנָסָה אַלֶע יָאהְרְן. אִין יְרושָׁלַיִם הָאט עֶר שׁוין גֶעהַאט זַיין נָאמֶען:

— דֶער אונְגַארִישֶׁער וַואסֶער־טְרֶעגֶער.

עֶר פְלֶעגְט אַרְבֶּעטְן אִין זַיין פַאךְ דְרַיי שָׁעָה אַ טָאג, און דִי אִיבְּרִיגֶע צַייט פַארְבְּרֵיינְגְט אִין "רַבִּי יְשַׁעְיָה'ס מִדְרָשׁ". עֶר זִיצְט זיךְ אִין אַ ווינְקַאלֶע און שָׁאקְלְט זיךְ בַּיי אַ סֵפֶר, פון וָואס עֶס מַאכְט זיךְ

אִיהם אִין הַאנְד, אַמָאל גְמָרָא, אַמָאל אַ "שַׁאֲגַת אַרְיֵה", נִישְׁט ווִיכְטִיג ווֶעלְכֶער סֵפֶר...

אִין יֶענֶע צַייט אִיז אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעוֶוען צְוֶועלְף וַואסֶער טְרֶעגֶערְס, דָאךְ הָאבְּן אַ סַאךְ גֶעוָואלְט אַז בָּרוּךְ מָרְדְכַי זָאל זֵיי בְּרֵיינְגֶען וַואסֶער. עֶרְשְׁטְנְס וַוייל עֶר אִיז גֶעוֶוען דֶער עֶרְשְׁטֶער אוּן דֶער אֵיינְצִיגֶער אַשְׁכְּנַזִישֶׁער וַואסֶער־טְרֶעגֶער, אוּן צְוֵוייטְנְס אַלְס רַחְמָנוּת וָואס עֶר הָאט עֶרְוֶועקְט אִין דִי הֶערְצֶער פוּן דִי וָואס הָאבְּן אִיהם בַּאטְרַאכְט.

*

פֶערְצִיג יָאהר הָאט בָּרוּךְ מָרְדְכַי גֶעהַאלְטְן דֶעם פַּאךְ. גֶעלֶעבְּט אִין אַיינְזַאמְקַייט, אוּן זִיךְ נִישְׁט גֶעמִישְׁט מִיט קֵיין מֶענְטְשׁ. גֶעאַרְבֶּעט בֶּאֱמוּנָה אוּן קֵיינֶער רֶעדְט נִישְׁט פוּן אִיהם.

וָואס אִיהם הָאט וֵויי גֶעטְהוּן, אִיז גֶעוֶוען אָט דָאס: הַגָאוֹן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ לֵייבּ דִיסְקִין פוּן בְּרִיסְק אִיז גֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם אִין יָאהר תרל"ז. בָּרוּךְ מָרְדְכַי ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער, אִיז אַרוֹיף צוּ דִי רֶעבֶּעצְן אוּן זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְס אַ וַואסֶער טְרֶעגֶער

אָנְבָּאטְנְדִיג צוּ בְּרֵיינְגֶען וַואסֶער פַּארְן רָב. זִי הָאט שׁוֹין בַּאלְד מַסְכִּים גֶעוֶוען, אָבֶער דָא מִישְׁט זִיךְ אַרַיין דֶער בְּרִיסְקֶער רָב אוּן זָאגְט אִיהר: אִיךְ וְויל נִישְׁט אַז עֶר זָאל אוּנז בְּרֵיינְגֶען וַואסֶער.

אִין אַ טָאג הָאט גֶעטְרָאפְן דִי וַוייבּ פוּן בָּרוּךְ מָרְדְכַי דִי בְּרִיסְקֶער רֶעבֶּעצְן אִין מַארְק. הָאט זִי זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אִיהר פַארְבִּיטֶערוּנְג פַאר דִי רֶעבֶּעצְן: מַיין מַאן אִיז נָאךְ אַזוֹי עֶרְלִיךְ וְוי דִי אַנְדֶערֶע וַואסֶער־טְרֶעגֶער, פַּאר וָואס וְוילְט אִיהר אִיהם נִישְׁט נֶעמֶען?

דִי רֶעבֶּעצְן אִיז נִישְׁט אַרַיין אִין קֵיין וְויכּוּחִים מִיט אִיהר. זִי הָאט אִיהר נָאר גֶעזָאגְט: דֶער רָב אִיז אַ גְרוֹיסֶער מֵבִין אוֹיף אַ מֶענְטְשְׁן. עֶס הָאט נָאךְ נִישְׁט פַּאסִירְט אַז אֵיינֶער זָאל אִיהם אָפְּנַארְן. עֶר וֵוייסְט וָואס עֶר זָאגְט אוּן וָואס עֶר טְהוּט — —

דִי תְּשׁוּבָה הָאט נָאךְ מֶער גֶעעֶרְגֶערְט בָּרוּךְ מָרְדְכַי׳ס וַוייבּ, טְרַאכְטְנְדִיג: וֶוער וֵוייסְט וָואס פַאר אַ עַוְלָה דֶער בְּרִיסְקֶער רָב הָאט גֶעזֶעהן אוֹיף אִיהר מַאן, אַזוֹי וַוייט, אַז עֶר זָאל אִיהם נִישְׁט צוּלָאזְן צוּ בְּרֵיינְגֶען וַואסֶער פַאר אִיהם. זִי וֵוייסְט

טַאקֶע אַז עֶר אִיז אַ עַם־הָאָרֶץ אָבֶּער עֶר אִיז דָאךְ אַ שׁוֹמֵר מִצְווֹת און פַאלְט נִישְׁט אַרָאפּ פוּן קֵיין אַנְדֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער אִין יְרוּשָׁלַיִם?...

*

עֶס אִיז גֶעוֶוען פּוּרִים פוּן יָאהר תרנ״ג.

אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם חֲסִידִים און אַנְשֵׁי מַעֲשֶׂה שְׁטוּפְּן זִיךְ צוּנוֹיף, וִוי דֶער מִנְהָג אִיז שׁוֹין עֶטְלִיכֶע יָאהר, אִין דִי שְׁטוּבּ פוּן הַגָאוֹן הַצַדִיק רַבִּי שְׁנֵיאוֹר זַלְמָן פוּן לוּבְּלִין (מְחַבֵּר פוּן סֵפֶר ״תּוֹרַת חֶסֶד). רַבִּי יְשַׁעְיָה אוֹרְנְשְׁטֵיין זִיצְט פוּן זַיין רֶעכְטֶע זַייט און רַבִּי יַעֲקֹב אוֹרְנְשְׁטֵיין פוּן זַיין לִינְקֶע זַייט, און אַלֶע עֶסְן דִי סְעוּדַת פּוּרִים. מֶען טְרִינְקְט און מֶען זִינְגְט און מֶען טַאנְצְט, און אַלֶע זַיינֶען בְּגִילוּפִין׳דִיג. דִי אוֹיגְן פוּן גָאוֹן שַׁיינֶען וִוי דִי צְוֵויי לַייכְטֶער. עֶס אִיז צוּ דֶערְקֶענֶען דֶעם ״קִיְמוּ וְקִבְּלוּ״ אוֹיף זַיין פָּנִים וָואס קוּקְט אוֹיס וִוי אַ פְלַאם פַייעֶר.

דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּגֶעכַאפְּט צוּם טְרִינְקֶען און דִי וַויין גִיסְט זִיךְ וִוי וַואסֶער, יֶעדֶער שְׁטוּפְּט זִיךְ צוּם גָאוֹן אִיהם גֶעבְּן ״לְחַיִים״. צְווִישְׁן דִי

איבּריגע שׁטופּט זיך אויף אונזער בּרוך־מרדכי. ער גייט צו צו איהם דערלאנגען "לחיים".

דא עפּנט פּלוצים בּרוך מרדכי זיין מויל און רופט זיך אן צום גאון:

רבּי, רבּי, היינט איז געוואָרן זיבּעציג יאהר פון מיין בּרית!

— אויב אזוי — רופט זיך אן צו איהם רבּי שׁניאור זלמן — קומט דיר דאך א גרויסער כּוס וויין.

ער זאגט בּאלד דעם גבּאי ער זאל איהם אנגיסן א קוואָרט מיט גוטן וויין.

דער לובּלינער רב דערלאנגט עס פאר בּרוך מרדכי'ן וואס טראץ זיין שׁטארקייט איז ער נישט געווען פעהיג דאס אויסצוטרינקען. אבער אז דער רבּי הייסט מוז מען פאלגן. ער טרינקט אויס די גאנצע וויין בּיז ער איז געוואָרן גוט שיכּור, ממש "עד דלא ידע בּין ארור המן לבּרוך מרדכי". האט ער אנגעהויבּן צו רעדן נישט צו דער זאך. דער עולם שטופּט איהם אוועק פון רבּינס טיש.

די װײַן האָט זײער געשפּילט אין בּרוך מרדכי'ן און ער האָט זיך שטאַרק צװױלדעװעט, אַרױפגעשפּרונגען אױפן טיש, און זיך גענומען שאָקלען און װאַרפן אױף אַלע זײַטן.

פלוצים הױבּט אױף דער לובּלינער רב זײַנע הײליגע אױגן צו בּרוך מרדכי װאָס שטײט אױפן טיש געגן איהם און זאָגט איהם מיט אַ געשרײ:

— װאָס װילדעװעסטו? קדושת פּורים! דרך ארץ! זאָג בּעסער אַ אידיש װאָרט!

— װאָס װיל דער רבּי איך זאָל זאָגן? — פרעגט דער אָנגעטרונקענער בּרוך מרדכי.

— זאָג װעגן ענינים פון פּורים!

בּרוך מרדכי ענטפערט:

— נו, װעגן ענינים פון פּורים איז דאָך דאָ אַ גאַנצע גמרא מגילה, װאָס האָב איך נאָך צו זאָגן?

— נו, װאָס זאָגט די גמרא אין מגילה? — פרעגט דער לובּלינער רב.

בָּרוּךְ מָרְדְכַי נֶעמְט זָאגְן דִי גְמָרָא ווִי אַ וואסֶער, גַאנְצֶע בְּלֶעטֶער גְמָרָא. עֶר שְטֵייט אוֹיפְן טִיש און זָאגְט אַ בְּלַאט נָאךְ אַ בְּלַאט. פון מָאל צו מָאל וואַרְפְט עֶר אַרַיין אַ "תּוֹסְפוֹת" מַמָש וָוארְט בַּיי וָוארְט (דֶעם תּוֹסְפוֹת לְמָשָל "וְלֹא טוֹבְלִין" (דַף כ.) הָאט עֶר גֶעזָאגְט ווִי אַ אִיד זָאגְט "אַשְרֵי" מִיט גְרוֹיס פַארְשְטַאנְד), דֶערְבַּיי מִישְט עֶר אַרַיין טִיפֶע לוֹמְדִישֶע אוֹיפְטוּהוּנְגֶען.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם שְטֵייט גֶעפְּלֶעפְט. קֵיינֶער רִיהְרְט זִיךְ נִישְט פוּן אָרְט און אַלֶע הֶערְן ווִי בָּרוּךְ מָרְדְכַי שִיט פֶּערְל. גֶעוואַלְד, דָאס אִיז דֶער אוּנְגַארִישֶער וואַסֶער טְרֶעגֶער?! אִיז עֶס אַ חָלוֹם אָדֶער וואַכְנְדִיג? דֶער עוֹלָם שְטֵייט עֶרְשְטוֹינְט פוּן דֶעם וָואס זֵיי זֶעהֶען און הֶערְן.

דֶער לוּבְּלִינֶער רָב לָאזְט נִישְט אָפּ. עֶר צִיהט אִיהם פוּן אֵיין עִנְיָן צוּם צְווֵייטְן. דָא פְרֶעגְט עֶר אִיהם אִין מַסֶכֶת שַבָּת און עֶר עֶנְטְפֶערְט פּוּנְקְטְלִיךְ. דָא פְרֶעגְט עֶר אִיהם אִין פֶּרֶק "הַמוֹכֵר אֶת הַסְפִינָה" און עֶר עֶנְטְפֶערְט אַזוֹי קְלָאר — —

פוּן דִי אוֹיגְן פוּן לוּבְּלִינֶער רָב נֶעמְט זִיךְ גִיסְן

טְרֶערְן פון פְרֵייד — —

*

בָּרוּךְ מָרְדְכַי וָואס אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעטְרוּנְקֶען בִּיז צוּ פַארְלִירְן אַלֶע חוּשִׁים, אִיז אוּמְגֶעפַאלְן. מֶען הָאט אִיהם בַּאלְד גֶעלֵייגְט אִין דִי וַוייבֶּער שׁוּהל, אוּן עֶר אִיז גֶעשְׁלָאפְן עֶטְלִיכֶע שָׁעָה. מִיט גְרוֹיס שְׁוֶוערְקַייט הָאט מֶען אִיהם אוֹיפְגֶעוֶועקְט צוּ מִנְחָה.

בִּיז אַ פָּאר שָׁעָה אוּן גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם הָאט גֶערוּדֶערְט אַז בָּרוּךְ מָרְדְכַי אִיז גָאר אַ תַּלְמִיד חָכָם מוּפְלָג. עֶר הָאט אַלֶע יָאהרְן אָפְּגֶענַארְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אַז עֶר אִיז גָאר אַ עַם הָאָרֶץ.

זִיבֶּעצִיג יָאהר הָאט עֶר גֶעהִיט אוֹיף זַיין סוֹד מִיט מוֹרָא'דִיגֶע כֹּחוֹת. אַלֶע הָאבְּן אִיהם גֶעהַאלְטְן פַאר אַ רִיכְטִיגְן עַם הָאָרֶץ אוּן יֶעצְט הָאט דִי וַויין אוֹיסְגֶעזָאגְט דֶעם סוֹד וְוִי דִי חַזַ"ל זָאגְן "נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד". גַאנְץ יְרוּשָׁלַיִם גֵייט אוֹיף רֶעדֶער.

עֶס אִיז אָבֶּער נִישְׁט פָארְצוּשְׁטֶעלְן דִי עַגְמַת נֶפֶשׁ אוּן צַעַר פוּן בָּרוּךְ מָרְדְכַי'ן וֶוען עֶר הָאט זִיךְ

דֶערְוואוּסְט אַז פוּן זַיין גַאנְצֶע הָארְוַואנְיֶע אַלֶע יָאהרְן צוּ בַּאהַאלְטְן זַיין גְרוֹיסְקַייט אִין תּוֹרָה, אִיז גָארְנִישְׁט גֶעוָוארְן צוּלִיב דִי וַויין וָואס עֶר הָאט גֶעטְרוּנְקֶען.

דֶער חֲתַם סוֹפֵר הָאט שׁוֹין מִיט זַיין רוּחַ הַקוֹדֶשׁ גֶעזֶעהן בַּיים בְּרִית פוּן בָּרוּךְ מָרְדְכַי זַיין אַנְטְוִויקְלוּנְג אוּן זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט: נִכְנַס ׳יַיִן׳ (זִיבֶּעצִיג) יָצָא ׳סוֹד׳ (זִיבֶּעצִיג).

— יֶעצְט קֶענְט אִיהר שׁוֹין פַארְשְׁטֵיין — רוּפְט זִיךְ אָן דִי בְּרִיסְקֶער רֶעבֶּעצְן — פַאר וָואס דֶער רָב הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט עֶר זָאל אִיהם בְּרֵיינְגֶען וַואסֶער. עֶר הָאט אִיהם אֵיינְמָאל גֶעזֶעהן אוּן פַארְשְׁטַאנֶען מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט דָא צוּ טְהוּן.

*

וֶוען עֶר אִיז נִסְתַּלֵק גֶעוָוארְן, הָאבְּן דִי מְקוּבָּלִים גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִי ל״ו צַדִיקִים.

# דֶער פּוּרִים רָב אַ עַקְשָׁן

זִידִיטְשׁוֹיב אִיז זֵייעֶר אַ קְלֵיינְטְשִׁיק שְׁטֶעטֶעלֶע, אַזוֹי קְלֵיינְטְשִׁיק, אַז זִי זֶעהט זִיךְ קוים בְּדוֹחַק אַרוֹיס אוֹיף דֶער לַאנְד קַארְטֶע. קֵיין מֶענְטְשׁ, אוֹיסֶער דִי זִידִיטְשׁוֹיבֶער אַיינְוואוֹינֶער אַלֵיין, וָואלְטְן דֶערְפוּן נִישְׁט רֶעכְט גֶעוואוּסְט אוּן זִיךְ דֶערְמִיט נִישְׁט פֶערְאִינְטְרֶעסִירְט, וֶוען נִישְׁט דֶער פַּאקְט וָואס דָארְט הָאט גֶעווֹאוֹינְט דֶער גְרוֹיסֶער רֶבִּי אוּן צַדִיק רַבִּי הֶערְשֶׁעלֶע זִידִיטְשׁוֹיבֶער זצ״ל. דֶער דָאזִיגֶער גְרוֹיסֶער רֶבִּי, דֶעם לוּבְּלִינֶער׳ס אַ תַּלְמִיד מוּבְהָק, הָאט גֶעמַאכְט דָאס שְׁטֶעטְל בֶּערִיהמְט אוּן פִיהל בַּאוואוּסְט פַאר יֶעדְן אֵיינֶעם וָואס הָאט נָאר אַ שַׁיָכוּת מִיט חֲסִידוּת.

עֶס אִיז שׁוֹין אַ אַלְטֶער מִנְהָג בַּיי אִידְן דָאס אִין חוֹדֶשׁ אֲדָר פְלֶעגְט מֶען אוֹיסְקְלַייבְּן אַ פּוּרִים רָב.

און אַזוֹי פְלֶעגְט זַיין דֶער מִנְהָג אִין דִי שְׁטֶעטְלַאךְ:

בַּאלד אַזוֹי ווִי עֶס אִיז גֶעקוּמֶען דֶער טָאג פוּן ראֹשׁ חוֹדֶשׁ אֲדָר, הָאט זִיךְ בַּאווִיזְן אוֹיף דֶער וַואנְד פוּן קְלוֹיז אַ טָאווְל אוֹיף ווֶעלְכְן עֶס אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבְּן מִיט גְרוֹיסֶע אוֹתִיוֹת דִי ווֶערְטֶער: "מִשֶּׁנִּכְנַס אֲדָר מַרְבִּין בְּשִׂמְחָה". דָאס אִיז דֶער טַייטְשׁ: אִידַאלַאךְ, זַייט לוּסְטִיג און פְרֵיילִיךְ. וַוייל דֶער חוֹדֶשׁ אֲדָר, דֶער מַזָל'דִיגֶער חוֹדֶשׁ פַאר אִידְן, אִיז שׁוֹין גֶעקוּמֶען. אוֹיף דֶעם זֶעלְבְּן טָאווְל פְלֶעגְט אוֹיךְ אוֹיפְגֶעמָאלְט זַיין ווִי צְווֵיי אִידְן טְרִינְקֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן "לְחַיִּים" הַאלְטְנְדִיג דִי כּוֹסוֹת אִין דֶער הַאנְד, אַלְס אַ צֵייכְן אַז "זְרִיזִין מַקְדִּימִין לְמִצְוֹת".

ראֹשׁ חוֹדֶשׁ אֲדָר, פְלֶעגְן זִיךְ דִי גַבָּאִים פוּן קְלוֹיז, צוּזַאמֶען מִיט נָאךְ חָשׁוּבֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, פֶערְזַאמְלֶען כְּדֵי צוּ מַאכְן דִי "וַואהלְן", בַּיי ווֶעלְכֶע עֶס זָאל גֶעוֵוילְט ווֶערְן אַ פּוּרִים־רָב, און אִין אַ טֵייל עֶרְטֶער אוֹיךְ אַ פּוּרִים שַׁמֶשׁ און אַ פּוּרִים חַזָן. אַזוֹי ווִי דָאס אַלֶעס אִיז נָאר גֶעוֶוען מַעֲשֶׂה פּוּרִים, כְּדֵי צוּ הָאבְן מִיט וָואס זִיךְ מְשַׂמֵחַ

צו זַיין און פון וָואס צו לַאכְן, הָאט מֶען פַּארְן פּוּרִים רָב אוֹיסגֶעקְלִיבְּן גֶעוֵויינְלִיךְ אַ גְרוֹיסְן בַּטְלָן און תָּם פון דֶעם קְלוֹיז, און פון ראֹש חוֹדֶש אֲדָר אָן, הָאט מֶען אִיהם גֶעגֶעבְּן דֶעם כָּבוֹד פון דֶעם שְטָאט רָב, הַכֹּל כַּאֲשֶׁר לַכֹּל. עֶר הָאט גֶעדַאוְונְט אוֹיף דֶער מִזְרַח וַואנְט, דֶער עוֹלָם הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף אִיהם בַּיי קְרִיאַת שְׁמַע און שְׁמוֹנָה־עֶשְׂרֵה. אָבֶּער דָאס הויפּט פִיהרְן זַיינֶע אִיז גֶעוֶוען בַּיי דִי "זִיצְן" פון תִּקוּן טְרִינְקֶען, וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסְן אוֹיבְן אָן, גֶעמוּזְט זָאגְן פַּארְשִׁידֶענֶע פּוּרִים תּוֹרוֹת. דֶער פּוּרִים חַזָן, ווֶעלְכֶער הָאט נִישְׁט גֶעטָארְט הָאבְּן קֵיין שׁוּם קוֹל נְגִינָה, הָאט גֶעמוּזְט זִינְגֶען און דֶער פּוּרִים שַׁמֶשׁ, דֶער גְרֶעסְטֶער תָּם פון קְלוֹיז, הָאט דֶערְבַּיי גֶעטַאנְצְט און דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ מַמֶשׁ גֶעהַאלְטְן בַּיי דִי זַייטְן פַאר גֶעלֶעכְטֶער, און מְקַיֵים גֶעוֶוען דֶעם "מִשֶׁנִכְנַס אֲדָר מַרְבִּין בְּשִׂמְחָה".

און אוֹיב דִי שִׂמְחָה אִיז אַזוֹי גְרוֹיס גֶעוֶוען אִין דִי צְוֵויי וָואכְן פַאר פּוּרִים, קֶענְט אִיהר אַייך אוֹיךְ פָארְשְׁטֶעלְן וָואס פַאר אַ שִׂמְחָה דִי אִידַאלַאךְ הָאבְּן דֶערְפוּן גֶעהַאט אִין פּוּרִים גוּפָא וֶוען דֶער רָב, דֶער

חַזָן און דֶער שַׁמָש הָאבְּן בֶּעדַארְפְט אוֹיסְפִּיהְרְן אַלֶע פָּארְגֶעשְׁרִיבֶּענֶע פוּנְקְצְיָאנֶען. עֶס אִיז גֶעוֶוען "אָגִיל וְאֶשְׂמַח" — קַיילַאכְדִיג און פְרֵיילַאךְ.

*

אַזוֹי ווִי זִידִיטְשׁוֹיב אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ קְלֵיין שְׁטֶעטֶעלֶע, הָאט מֶען דָארְטְן אוֹיךְ גֶעהַאלְטְן פוּן דֶעם דָאזִיגְן מִנְהָג, אָבֶּער מִיט אַ עֶנְדֶערוּנְג, מֶען הָאט דָארְטְן נִישְׁט גֶעוֶוייְלְט אַ "פּוּרִים רָב", נָאר אַ "פּוּרִים מֶלֶךְ", אַזַא מִין אַחַשְׁוֵרוֹשׁ, אָדֶער אֶפְשֶׁר אַ מָרְדְכַי נָאכְדֶעם ווִי עֶר אִיז גֶעוָוארְן "שֵׁנִי לְמַלְכוּת". אִין דִי מַלְבּוּשִׁים אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען אוֹיבּ עֶס אִיז אַ אַחַשְׁוֵרוֹשׁ אָדֶער אַ מָרְדְכַי לְהַבְדִיל.

אָבֶּער דָאס אִיז נִישְׁט גֶעטְהוּן גֶעוָוארְן פַאר פּוּרִים נָאר אִין פּוּרִים גוּפָא. דַאמָאלְס הָאט מֶען אָנְגֶעטְהוּן אֵיינֶעם פוּן דִי חֲסִידִים אִין בִּגְדֵי מַלְכוּת, לוֹיט דֶעם גֶעשְׁמַאק פוּן דִי חֲסִידִישֶׁע מְבִינִים, אוּן עֶר פְלֶעגְט בֶּעטְרַאכְט וֶוערְן פַאר דֶער שַׂר הַמְדִינָה. מֶען הָאט אִיהם אוֹיךְ צוּגֶעגֶעבְּן זִיבְּן מִינִיסְטָארְן, פוּן דִי רָאשֵׁי הַחֲסִידִים, אַ זֵכֶר צוּ דִי "שִׁבְעָה שָׂרֵי

פָּרַס וּמָדַי רוֹאֵי פְּנֵי הַמֶּלֶךְ״ פון דֶער מְגִילָה. די גַאנְצֶע חַבְרַיָא, פְלֶעגְט אָנְטָהוּן דֶעם מֶלֶךְ מִיט די שָׂרִים כָּבוֹד מְלָכִים. זֵיי פְלֶעגְן אַרַיינְקוּמֶען צוּם רֶבִּין וֶוען עֶר אִיז גֶעזֶעסְן בַּיים פּוּרִים־טִישׁ מִיט די חֲסִידִים, אַלְס גֶעסְט. פְלֶעגְט זִיךְ דֶער רֶבִּי ז״ל פַּאר זֵיי אוֹיפְשְׁטֶעלְן און מִיט אִיהם דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם. דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים רֶבִּינְס רֶעכְטֶע הַאנְד און די מִינִיסְטָארְן בַּיי זֵייעֶר רֶעכְטֶע און לִינְקֶע זַייט.

*

אַמָאל אִין אַ פּוּרִים, הָאט דֶער זִידִיטְשׁוֹיבֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט צוּ זַיין מְקוֹרָב, אַז דָאס יָאהר וָואלְט אַ יוֹשֶׁר גֶעוֶוען צוּ מַאכְן אַ פּוּרִים־מֶלֶךְ, טַאקֶע זַיין אֵייגֶענֶעם בְּרוּדֶער, דֶעם צַדִיק רַבִּי קָאפֶּעלֶע, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען בַּיי אִיהם אַלְס גַאסְט אוֹיף פּוּרִים.

אִיז דָאס גֶעוֶוען יֶעדְן אַ חִידוּשׁ. וָואס עֶפֶּעס מַאכְן פון אַזַא צַדִיק ווִי רַבִּי קָאפֶּעלֶע עֶפֶּעס אַ פַארְשְׁטֶעלְטְן, זָאל עֶר הֵייסְן אַחַשְׁוֵרוֹשׁ אָדֶער מָרְדְכַי? אָבֶער בַּיי חֲסִידִים, אִיז הִתְגַלוּת הַרָצוֹן פון

זַייעֶר רֶבִּין אַ מִין גְזֵירַת הַמַלְכוּת. נִישְׁט נָאר מֶען מוּז דָאס אוֹיסְפָאלְגְן, נָאר מֶען טָאר נִישְׁט נָאכְדֵיינְקֶען אוּן זוּכְן טַעֲמִים דֶערְצוּ.

אַזוֹי וִוי דֶער צַדִיק רַבִּי קָאפֶּעלֶע גוּפָא הָאט גָאר נִישְׁט גֶעהַאט דַאגֶעגְן, הָאט מֶען אִיהם אִין פּוּרִים אָנְגֶעטְהוּן דִי בִּגְדֵי מַלְכוּת, אִיהם גֶעגֶעבְּן אַלְס מִינִיסְטָארְן דִי זִיבְּן גְרֶעסְטֶע חָשׁוּב׳סְטֶע תַּלְמִידִים פוּן זַיין גְרוֹיסְן בְּרוּדֶער דֶעם זִידִיטְשׁוֹיבֶער, אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן אֵיינֶע פוּן דִי שֶׁענְסְטֶע צִימֶערְן פוּן רֶבִּינְס הוֹיז, אוּן דָארְטְן אִיז זִיךְ גֶעזֶעסְן דֶער פּוּרִים מֶלֶךְ מִיט זַיינֶע יוֹעֲצִים, גֶעטְרוּנְקֶען צוּזַאמֶען וַויין "בְּמִדָה מְרוּבָּה כְּדַת פּוּרִים", אוּן דֶערְבַּיי גֶערֶעדְט וֶועגְן פַארְשִׁידֶענֶע גוּטֶע גֶעזֶעצְן וָואס וָואלְט אַ יוֹשֶׁר גֶעוֶוען אַז זֵיי זָאלְן אָנְגֶענוּמֶען וֶוערְן אוּן אַז דֶער פּוּרִים מֶלֶךְ זָאל זֵיי אוּנְטֶערְשְׁרַייבְּן מִיט זַיין חֲתִימָה.

פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ דֶער מֶלֶךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט צוּ זַיינֶע מִינִיסְטָארְן, אַז עֶס אִיז רֶעכְט זֵיי זָאלְן אָפְּגֶעבְּן אַ בַּאזוּךְ דֶעם גְרוֹיסְן רֶבִּין בַּיים טִישׁ. הָאבְּן זִיךְ דִי יוֹעֲצִים אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן אַלֶע צוּזַאמֶען זַיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען בְּהַדְרַת כָּבוֹד,

בַּעגלֵייט פון אַ עולָם, צום צַדיק אין חֶדר אַרַיין.

גרויס כָּבוד האָט דאַמאָלס אָנגֶעטְהון דער רֶבִּי צום פּורים מֶלֶךְ און צו זַיינֶע יועֲצִים, און דער כָּבוד איז גֶעוֶוען נִישְׁט קֵיין גֶעמַאכְטֶער, נִישְׁט קֵיין פַאלְשֶׁער צוליבּ פּורים, נָאר טַאקֶע אַ אֶמֶתֶער און אַ גָאר עֶרְנסְטֶער, פּונְקְט ווִי רַבִּי קָאפֶּעלֶע וָואלְט בֶּאֱמֶת גֶעוֶוען אַ מֶלֶךְ, אָדֶער לְכָל הַפָּחות אַ לַאנְד פְּרֶעזִידֶענְט, און די זִיבְּן חֲסִידים טַאקֶע אֶמֶתֶע מִינִיסְטָארְן, "שִׁבְעָה רואֵי פְּנֵי הַמֶלֶךְ". אָבֶּער דָאס פַארְהַאלְטְן און בֶּענֶעהמֶען פון דֶעם "מֶלֶךְ" מִיט די "שָׂרים", כָאטְשׁ זֵיי אַלֶע זַיינֶען גֶעוֶוען אַ הִיבְּשׁ בִּיסְל בְּגִילופִין'דִיג, אִיז טַאקֶע אויךְ ווִי פון אֶמֶתֶע גֶעזֶעץ גֶעבֶּער. עֶס שַׁיינְט אַז דָא האָט גֶעאַרְבֶּעט די הַשְׁפָּעָה פון דֶעם זִידִיטְשׁוֹיבֶער צַדִיק, צוליבּ אַ ווִיכְטִיגֶע אורְזַאךְ, אַז אַלֶע זָאלְן אויף אַ וַוײלֶע פַארְגֶעסְן, אַז זֵיי זַיינֶען נָאר פְּרָאסְטֶע פּורים פַארְשְׁטֶעלְטֶע, און זֵיי זָאלְן מֵיינֶען, אַז זֵיי זַיינֶען טַאקֶע אַ מִין מַלְכות.

און מִיט יִרְאַת הַכָּבוד, פּונְקְט ווִי עֶר וָואלְט גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אַ אֶמֶתְן מִינִיסְטָארְן רַאט, האָט דֶער רֶבִּי אָנְגֶעהויבְּן צו בֶּעטְן דֶעם מִינִיסְטָארְן

רַאט, עֶר זָאל מְבַטֵל זַיין פוּן דִי אִידְן דֶעם בֶּעזוּנְדֶערְן שְׁווערן שְׁטַייעֶר, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶערוּפְן "לִיכְט שְׁטַייעֶר" אוּן "פְלֵייש שְׁטַייעֶר". דָאס אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁטַייעֶר וָואס יֶעדֶער אִיד הָאט גֶעמוּזְט אָפְּצָאהלְן פוּן יֶעדְן לִיכְט וָואס מֶען הָאט אָנְגֶעצוּנְדְן אִין זַיין הויז לְכָבוֹד שַׁבָּת, אוּן אַ שְׁטַייעֶר פוּן דֶעם כָּשֵׁר'ן פְלֵייש. דִי בֵּיידֶע שְׁטַייעֶרְן זַיינֶען פַארְשְׁטֵייט זִיךְ גֶעוֶוען אוֹיסְנַאם שְׁטַייעֶרְן, סְפֶּעצִיעֶל גֶעמַאכְט פַאר אִידְן.

דֶער מִינִיסְטָארְן רַאט הָאט דַאן דִי פְרַאגֶע פֶערְהַאנְדְלְט, זֶה אוֹמֵר בְּכֹה וְזֶה אוֹמֵר בְּכֹה, אוּן דַאן מִיט מֶערְהֵייט בַּאשְׁלָאסְן דֶעם שְׁטַייעֶר מְבַטֵל צוּ זַיין. אוֹיפְן פֶערְלַאנְג פוּן דֶעם רֶבִּין הָאט מֶען דָאס אוֹיפְגֶעשְׁרִיבְּן אוֹיפְן פַּאפִּיר אוּן פָארְגֶעלֵייגְט פַאר דֶעם פּוּרִים מֶלֶךְ דָאס אוּנְטֶערְשְׁרַייבְּן. דֶער מֶלֶךְ הָאט זִיךְ אוֹיף אַ וַוייל מְיַישֵׁב גֶעוֶוען, זִיךְ ווי גֶעשְׁלָאגְן מִיט דִי גֶעדַאנְקֶען וָואס צוּ טְהוּן, אָבֶער עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר דָאס כְּתַב אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבְּן, מִיט זַיין חֲתִימָה.

זֶעהֶענְדִיג אַז עֶס אִיז אַ שְׁעַת רָצוֹן, הָאט דֶער צַדִיק פוּן זִידִיטְשׁוֹיב פָּארְגֶעלֵייגְט פַארְן מִינִיסְטָארְן

ראַט, מען זאָל די אידן באַפרײען פון מיליטער דינסט, און דערפאַר נעמען בײ זײ אַ מיליטער שטײער. ער האָט דערצו געגעבן רעליגיעזע בעװײזן אַז בײ אידן איז טאַקע "דינא דמלכותא דינא", זײ װילן זיך נישט פּטרן פון אַלע פליכטן פון דער מדינה, אָבער דאָס דינען אין מיליטער, ברענגט דעם אידן עובר צו זײן אויף פיהל עבֵרות פון זײן תורה. אַזױ װי בײ אַ מלחמה איז דאָך פּונקט אַזױ װיכטיג דאָס געלד װי די מענטשן, װאָלט נישט געװען קײן עולה, אַז די אידן זאָלן זיך קענען געזעצליך אױסלײזן פון מיליטער דינסט מיט געלד.

דער מיניסטאָרן ראַט האָט דעם ענין לאַנג בעשפּראָכן, זיך שטאַרק דערױף מפלפל געװען, און ענדליך מסכים געװען צום רבינס פאָרשלאַג.

מען האָט דאָס װידער אױפגעשריבן אױף אַ פּאַפּיר און עס פאָרגעלײגט פאַרן "קעניג" צום אונטערשרײבן.

מיט כעס האָט דער "קעניג" אַ רוק געגעבן דאָס כתב, און אין גרױס אױפרעגונג אױסגערופן:

— נֵיין, בְּשׁוּם אוֹפָן נֵיין! אַזַא כְּתַב וֶועל אִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט אוּנְטֶערְשְׁרַייבְּן. אוֹיבּ אִידְן לֶעבְּן אוּן צִיהֶען פַּרְנָסָה פוּן מַיין לַאנְד, מוּזְן זֵיי דֶערְפִיהלְן אַלֶע פְלִיכְטְן, אוֹיךְ פֶּערְזֶענְלִיכֶע מִילִיטֶער דִינְסְט, צוּם לַאנְד! — הָאט דֶער קֶענִיג אוֹיסְגֶערוּפְן מִיט גְרוֹיס אוֹיפְרֶעגוּנְג.

עֶס הָאט נִישְׁט גֶעהָאלְפְן דִי הֵייסֶע בַּקָשׁוֹת פוּן דֶעם צַדִיק גוּפָא, ווִי אוֹיךְ דִי אִיבֶּערְצַייגֶענְדֶע דִבּוּרִים פוּן דִי מִינִיסְטָארְן. דֶער פּוּרִים קֶענִיג אִיז גֶעוֶוען אַיינְגֶעשְׁפַּארְט מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע עַקְשָׁנוּת אוּן נִישְׁט גֶעוָואלְט אוּנְטֶערְשְׁרַייבְּן דֶעם דָאזִיגְן אַקְט.

דֶער זִידִיטְשׁוֹיבֶער צַדִיק הָאט דֶערְפוּן גֶעהַאט גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ, עֶר הָאט גֶעהֵייסְן בַּאלְד בֶּענְטְשְׁן אוּן אִיז אַוֶועק אִין זַיין חֶדֶר.

*

צוּ מָארְגְנְס, וֶוען רַבִּי קָאפֶּעלֶע הָאט זִיךְ גֶעהַאט אוֹיסְגֶענִיכְטֶערְט, הָאט עֶר גֶע׳טַעְנֶה׳ט פַּאר אַלֶע חֲסִידִים אַז עֶר גֶעדֵיינְקְט גָארְנִישְׁט דָאס

מִינְדֶעסְטֶע וָואס עֶס הָאט מִיט אִיהם גֶעכְטְן פַּאסִירְט בַּיים צַדִיק׳ס טִישׁ.

הָאבְּן עֶרְשְׁט די חֲסִידִים פַּארְשְׁטַאנֶען אִין וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעהַאנְדְלְט. דֶער צַדִיק הָאט גֶעוָואלְט אוֹיף אַזַא אוֹפָן מְבַטֵל זַיין גְזֵרוֹת אוֹיף אִידְן, אָבֶער עֶס הָאט זִיךְ אִיהם נִישְׁט אַייְנְגֶעגֶעבְּן, נָאר אוֹיף אַ מוֹעֶט, אוֹיף אַ בִּיסְל.

די "לִיכְט שְׁטַייעֶר" אוּן "פְלֵייש שְׁטַייעֶר", אִיז בֶּאֱמֶת בַּאלְד נָאכְדֶעם בָּטֵל גֶעוָוארְן אִין דֶער צַייט וָואס דֶער מִילִיטֶער דִינְסְט אִיז גֶעבְּלִיבְּן אוֹיף אִידְן, צוּלִיב דֶעם עַקְשָׁנוּת פוּן דֶעם זִידִיטְשׁוֹיבֶער פוּרִים מֶלֶךְ.

# מִיט גִימַטְרִיָאוֹת

וֶועןְ דֶער בְּרִיסְקֶער רָב, הַגָאוֹן הַצַדִיק רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ לֵייבּ דִיסְקִין זצ״ל, אִיז אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, הָאבְּן זִיךְ אַרוּם אִיהם צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבְּן אַ גְרוּפֶּע פוּן דִי יְרוּשָׁלַיִמֶער לֵייבְּן, דִי גְרוֹיסֶע אוּן שַׁארְפֶע מֹחוֹת, פַאר וֶועמֶען עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶן אַ טָאג טֶעגְלִיכְן, טִיפְזִינִיגְן גְאוֹנִישְׁן שִׁיעוּר.

אוֹיךְ דֶעם פּוּרִים׳דִיגְן טָאג פְלֶעגְט דִי חָשׁוּבֶע חַבוּרָה קוּמֶען צוּם בְּרִיסְקֶער רָב, פַארְבְּרֵיינְגֶען מִיט אִיהם צוּזַאמֶען בַּיים טִישׁ, אוּן מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה פוּן חַיָיב אָדָם לִבְסוּמֵי, הֶערְן פוּן זֵייעֶר גְרוֹיסֶער רֶבִּין דִי טִיפְזִינִיגֶע תּוֹרוֹת וָואס אִיז פַארְבּוּנְדֶן מִיטְן הַיינְטִיגְן טָאג.

נָאךְ אַ לַאנְגְן תּוֹרָה שְׁמוּעֶס וָואס הָאט זִיךְ פַארְבּוּנְדֶן צְווִישְׁן דִי טִישׁ זִיצֶערְס, הָאט עֶנְדְלִיךְ דֶער בְּרִיסְקֶער רָב זצ״ל, גֶענוּמֶען שִׁיטְן מִיט זַיינֶע

גְאוֹנִישֶׁע און בְּלִיצִיגֶע תּוֹרוֹת. דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען זֵייעֶר מְבוּסָמ׳דִיג, און נִישְׁט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְטְן צו פַּארְנֶעמֶען דֶעם גַאנְצְן פִּלְפּוּל. אֵיינְצִיגְוַוייז זַיינֶען זֵיי אַנִידֶערְגֶעפַאלְן אוֹיפְן טִישׁ און אַיינְגֶעדְרִימְלְט.

דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס הָאט אוֹיסְגֶעהַאלְטְן און אוֹיפְגֶענוּמֶען יֶעדֶעס וָוארְט וָואס אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען פון גָאוֹן׳ס מוֹיל — אִיז גֶעוֶוען דֶער גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים זָאנֶענְפֶעלְד זצ״ל, דֶער שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶער יְרוּשָׁלַיִמֶער רָב. זֵיי הָאבְּן אַזוֹי לַאנְג פַארְבְּרֵיינְגְט אִין דֶעם תּוֹרָה שְׁמוּעֶס, בִּיז וַואנֶען דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען אֵיינְצִיגְוַוייז אוֹיפְכַאפְּן פון שְׁלָאף.

כָאטְשׁ רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען אַ נֶחְבָּא אֶל הַכֵּלִים און נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעוִויזְן זַיין גְאוֹנוּת, אָבֶער דָאס מָאל, וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אַבִּיסְל מְבוּסָמ׳דִיג, הָאט עֶר גִישְׁטְרַייט מִיט זַיין רֶבִּין, פון וֶועלְכְן יֶענֶער אִיז גֶעוֶוען פוֹהל מִיט הִתְפַּעֲלוּת.

דֶער בְּרִיסְקֶער רָב הָאט גֶעהֵייסְן דֶעם עוֹלָם

זִיךְ וַואשְׁן דִי הֶענְד נָאכְן שְׁלָאפְן. דֶערְנָאךְ הָאט דֶער עוֹלָם גֶעבֶּעטְן דֶעם בְּרִיסְקֶער רָב, עֶר זָאל אִיבֶּערְזָאגְן פַאר זֵיי דֶעם פִּלְפּוּל. רוּפְט עֶר זִיךְ אָן:

— אִיךְ קֶען אַייךְ בַּאשְׁטֶעטִיגְן, אַז רַבִּי יוֹסֵף חַיִים אִיז אַ גָאוֹן אִין נִגְלֶה אוּן אִין נִסְתָּר!

דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעוואוּנְדֶערְט אוּן נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֵיין וִוי קוּמְט עֶס יֶעצְט אַרַיין. עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער הָאבְּן זֵיי זִיךְ דֶערְוואוּסְט, דָאס אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט וָואס זֵיי הָאבְּן גֶעדְרִימְלְט, הָאט רַבִּי יוֹסֵף חַיִים גֶעשְׁמוּעֶסְט אִין לֶערְנֶען מִיטְן בְּרִיסְקֶער רָב אוּן וִויבַּאלְד ״נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד״ — הָאט דֶער בְּרִיסְקֶער רָב בַּאמֶערְקְט דָאס גַדְלוּת פוּן רַבִּי יוֹסֵף חַיִים׳עְן.

*

עֶס אִיז גֶעוֶוען אִין וִוינְטֶער פוּן יָאר תרמ״ה. דֶער גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף חַיִים זָאנֶענְפֶעלְד אִיז דַאן זֵייעֶר קְרַאנְק גֶעוָוארְן אוֹיף אַ לוּנְגֶען עֶנְטְצִינְדוּנְג. דֶער גֶעפַאר אִיז דַאן גֶעוֶוען זֵייעֶר גְרוֹיס. זֵייעֶר וֵוייְנִיג מֶענְטְשְׁן זַיינֶען דַאן אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער

דאזיגער קְרֵײנְק. די דָאקְטוירים הָאבְּן זיךְ דַאן מְיַיאֵשׁ גֶעוֶועזְן פון אִיהם. הָאט דֶער בְּרִיסְקֶער רָב, בַּאפוילְן אִיהם צוגֶעבְּן דֶעם נָאהמֶען "יוסֵף", אַז דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער זָאל אִיהם מֶעהרְן גֶעזונְד און לֶעבְּן אויף לַאנְגֶע יָאהרְן. עֶס הָאט נִישְׁט גֶענומֶען קֵיין לַאנְגֶע צַייט און רַבִּי יוסֵף חַיִים אִיז גֶעזונְד גֶעוָוארְן.

אִין יֶענֶעם יָאהר, הָאט רַבִּי יוסֵף חַיִים, בַּאלְד נָאכְן דַאוְונֶען, זיךְ מְזָרֵז גֶעוֶועזְן און אַלֵיין גֶעבְּרֵיינְגְט מִשְׁלוחַ מָנות פַאר זַיין גְרויסְן רֶבִּין. דֶער בְּרִיסְקֶער רָב אִיז עֶרְשְׁטוינְט גֶעוָוארְן צוּ זֶעהן בַּיי אִיהם רַבִּי יוסֵף חַיִימ'ֶען אַזוי פְּרִיה און עֶר הָאט זיךְ אָנְגֶערופְן:

— נוּ, אִיהר זַיינְט אַ גְרויסֶער "זָרִיז".

— דֶער רָב הָאט עֶס אויפְגֶעטְהוּן — הָאט רַבִּי יוסֵף חַיִים אויפְן אָרְט גֶעעֶנְטְפֶערְט — עֶר הָאט מִיר גֶעמַאכְט פַאר אַ "זָרִיז", וַוייל דִי גִימַטְרִיָא פון "יוסֵף חַיִים" בַּאטְרֶעפְט פונְקְט "זָרִיז" (224).

*

אַ עֶנְלִיכֶע מַעֲשֶׂה מִיט אַ גִימַטְרִיָא וָואס אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען אִין פּוּרִים בַּיי רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים'ען וָוערְט דֶערְצֵיילְט וִוי פָאלְגֶענְד:

דֶער גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים זָאנֶענְפֶעלְד זצ"ל הָאט זִיךְ גֶעפִיהְרְט פּוּרִים אַלֵיין צוּ דַאוְונֶען פַאְרן עָמוּד. דָאס הָאט עֶר גֶעטְהוּן דֶערְפַאר וַוייל עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט אַז צוּם עָמוּד זָאל צוּגֵיין דַאוְונֶען אַזַא אֵיינֶער וָואס אִיז אָנְגֶעטְרוּנְקֶען.

אֵיינְמָאל אִין אַ פּוּרִים, הָאט דֶער צַדִיק רַבִּי הֶערְשׁ מִיכְל שַׁפִּירָא בַּאמֶערְקְט אוֹיף רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים'ען אַז עֶר אִיז אוֹיךְ מְבוּסָם, עֶר אִיז גֶעוֶוען צוּ פִיהל בִּבְדִיחוּת. וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּם דַאוְונֶען, הָאט רַבִּי הֶערְשׁ מִיכְל אַ וואוּנְק גֶעטְהוּן צוּ אֵיינֶעם פוּן דִי דַאוְונֶערְס, עֶר זָאל צוּגֵיין צוּם עָמוּד. קֵיינֶער הָאט זִיךְ אָבֶער נִישְׁט גֶעוַואגְט צוּגֵיין צוּם עָמוּד, וִויסְנְדִיג אַז דָאס אִיז אַ אַלְטֶע חֲזָקָה פוּן רַבִּי יוֹסֵף חַיִּימֶ'ען.

אִיז רַבִּי הֶערְשׁ מִיכְל צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ רַבִּי יוֹסֵף חַיִּים'ען אוּן גֶעבֶּעטְן, עֶר זָאל דָאס מָאל מְוַותֵּר זַיין אוֹיף זַיין שְׁטֵייגֶער אוּן צוּלָאזְן אַ צְוֵוייטְן צוּם

עָמוּד. וַוייל עֶר זֶעהט אוֹיס צוּ זַיין מְבוּסָמְדִיג.

רַבִּי יוֹסֵף חַיִים הָאט בַּאלְד נָאכְגֶעגֶעבְּן, אָבֶּער פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן הָאט קֵיינֶער נִישְׁט גֶעוָואלְט צוּגֵיין צוּם עָמוּד, אוּן רַבִּי הֶערְש מִיכְל הָאט נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין בְּרֵירָה אוּן עֶר אַלֵיין אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם עָמוּד.

הָאט זִיךְ אָבֶער גֶעטְרָאפְן אוּן רַבִּי הֶערְשׁ מִיכְל הָאט בַּיי חֲזָרַת הַשַ"ץ אַ טָעוּת גֶעהַאט, אוּן אַנְשְׁטָאט צוּ זָאגְן מוֹרִיד הַגָשֶׁם הָאט עֶר גָאר גֶעזָאגְט "מַשִׁיב הָרוּחַ וּמוֹרִיד הַטָל"... אִינְטְרֶעסַאנְט אִיז אָבֶער גֶעוֶוען אַז קֵיינֶער פוּן עוֹלָם הָאט עֶס נִישְׁט אוֹיפְגֶעמֶערְקְט, דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס הָאט אִיהם דֶערוֹיף אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעמַאכְט אוּן אוֹיפְן אָרְט פַארְרָאכְטְן אִיז גֶעוֶוען — רַבִּי יוֹסֵף חַיִים זָאנֶענְפֶעלְד.

דֶער עוֹלָם אִיז דֶערְפוּן גֶעוֶוען זֵייעֶר עֶרְשְׁטוֹינְט אוּן נָאכְן דַאוְונֶען הָאט מֶען דֶערְפוּן גֶעשְׁמוּעֶסְט. רוּפְט זִיךְ אָן רַבִּי יוֹסֵף חַיִים:

— עֶס אִיז גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִישְׁט וָואס רַבִּי

הערש מיכל האט דא אַ טעות געהאַט, ווייל די גימטריאַ פון די ווערטער: ״בּין משיב הרוח ומוריד הטל משיב הרוח ומוריד הגשם״ באַטרעפט כּמעט פּונקט ווי די ווערטער ״חייב אינש לבסומי בּפוריאַ עד דלא ידע בּין אָרור המן לבָרוך מרדכי״ (2128 — 2127).

עס איז טאַקע געווען פּורים, דאָך האָט איינער פון די אַנוועזנדע זיך נישט געפוילט און געמאַכט דעם רעכענונג אויפן פּאַפּיר און עס איז איהם אויסגעקומען אַז בּיי די ווערטער ״חייב אינש״ פעלט צעהן צו דער גימטריאַ, איז ער צוגעגאַנגען צו רבּי יוסף חיים׳ען און איהם אויפמערקזאַם געמאַכט.

רופט ער זיך אָן מיט אַ שמייכל:

— איהר האָט נישט גוט גערעכנט, איהר האָט געמיינט אַז ״אינש״ לייגט זיך אויס אָן אַ יוד, לייגט אַריין אין מיטן אויף דעם ״איד״ (יו״ד — צעהן) און דער רעכענונג וועט זיין אויסגעהאַלטן...

# אַ איד — אַ הָמָן

שוין פון אָנְהויבּ חודֶש אֲדָר, הָאט זיך אִין חֵדֶר גֶעפִיהלְט אַ אויפְלֶעבּונְג, אַ פְרֵיילִיכֶע שְׂטִימונְג הָאט אַלֶעמֶען אַרומְגֶענומֶען. אִיבֶּערְהויפְּט הָאט אונְז אַלֶעמֶען דֶערְפְרֵייט דִי בְּשׂורָה דָאס פוּן ז׳ אֲדָר אָן, וֶועט מֶען מֶעהר נִישְׂט לֶערְנֶען בַּיינַאכְט נָאר בִּיז מִנְחָה ומַעֲרִיב.

דִי הַיינְטִיגֶע קִינְדֶער זַיינֶען זִיכֶער נִישְׂט מַשִׂיג דָאס פַארְגֶענִיגְן, וֶוען מֶען הָאט אַרָאפְּגֶענומֶען דֶעם לָאמְפּ פוּן רֶבִּינְס טִישׂ, מֶען הָאט בְּחוש גֶעפִיהלְט, אַז דֶער זומֶער קומְט אָן מִיט שְׂנֶעלֶע טְרִיט און אֵיינְס צְוֵויי, וֶוערְן מִיר בַּאפְרַייט פוּן דִי שְׂוֶוערֶע מַאנְטְלֶען מִיט דִי פוּטֶערְנֶע קֶעלְנֶער, הויכֶע הִיטְלֶען און פַארְוִויקֶלְטֶע הֶעלְזֶער מִיט וָואלֶענֶע שַׂאלְן.

אָבֶּער דֶער עִיקָר שִׂמְחָה אִיז בַּיי אונְז גֶעוֶוען,

וֶוען דֶער רֶבִּי הָאט גֶעהֵייסְן אוֹיף נָאכְמִיטָאג מִיטְבְּרֵיינְגֶען פוּן דֶער הֵיים מְגִילָה'לַאךְ צוּם לֶערְנֶען אוּן דֶערְבַּיי צוּגֶעגֶעבְּן, אַז אוֹיבּ מִיר וֶועלְן נִישְׁט אַרוּמְרוּדֶערְן אוֹיף דֶער גַאס אוּן נִישְׁט אַרוּמְשְׁפְּרִינְגֶען וְוי דִי יוּנְגֶע צִיגַאלַאךְ פַּאר שִׂמְחָה פוּן אוּנְזֶער "בַּאפְרַייאוּנְג", וֶועט עֶר אוּנְז דֶערְצֵיילְן אַ פְרֵיילִיכֶע מַעֲשֶׂה מִיט אַ אִידִישְׁן הָמָן, וָואס הָאט גֶעלִיטְן אַ מַפָּלָה.

— דָאס — הָאבְּן דִי תַּלְמִידִים צְווִישְׁן זִיךְ גֶעשְׁמוּעֶסְט — מוּז שׁוֹין זַיין אֵיינְמָאל אִינְטְרֶעסַאנְט! מֵילָא, פוּן גוֹיאִישֶׁע הָמָנ'ס, וָואס הָאבְּן גֶעלִיטְן מַפָּלוֹת, הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהֶערְט אַ סַאךְ. אָבֶער אַ "אִידִישֶׁער הָמָן"? — דָאס מוּז שׁוֹין זַיין אֵיינְמָאל אַ מַעֲשֶׂה.

אִין דֶעם טָאג הָאבְּן אַלֶע זִיךְ צוּגֶעשְׁטֶעלְט פּוּנְקְט צוּ דֶער מִינוּט.

מִיט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶע אוֹיעֶרְן אוּן אוֹיסְגֶעשְׁפִּיצְטֶע אוֹיגְן, פוּהל מִיט נַייגֶערִיגְקַייט, אִיז יֶעדֶער גְרֵייט גֶעוֶוען צוּ הֶערְן דִי מַעֲשֶׂה נוֹרָא.

דֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ לַאנְג נִישְׁט גֶעשְׁפִּילְט מִיט

אונזערע קינדערשע געפיהלן און נישט געוואלט צופיהל אנציהען אונזער נײגעריגקײט און באלד גענומען דערצײלן:

— דאס איז געווען — האט דער רבי אנגעהויבן מיט זײן געמיטליכן טאן — מיט עטליכע צענדליג יאהר צוריק. און געשעהן איז עס אין מײן קינדהײטס שטעטל.

געוואוינט האט אין אונזער שטעטל א גרויסער גביר, זײער א פײנער מענטש, און א מכניס אורח דערצו. און א מנהג האט ער געהאט יעדן פורים צו דער סעודה פלעגט ער פארבעטן פיהל געסט און אורחים.

צו דער סעודה פלעגן אויך קומען די שטעטלדיגע פורים שפילער און פארשטעלן "מכירת יוסף". דער עולם האט זיך שטארק משמח געווען און זיך געפרײט מיטן יום טוב, האפנדיג אויף דער מפלה פון די איצטיגע רשעים.

מאכט זיך אײנמאל א מעשה, אז דעם רויטן געצלס זוהן, וועלכן עס האט נישט געפעלן דעם פאטער'ס שנײדער װארשטאט, איז אוועק קײן

אָדֶעס זיך גרונדליך אויסלערנען דעם פאך און איז צוריק געקומען אהיים קורץ פאר פּורים אלץ אַדעסער אַריסטאָקראַט און "מַשׂכּיל" און גענומען אויסלאכן די קליינשטעטלדיגע מענטשן מיט זייער פיהרונג און מנהגים. ער האט שוין באטראכט די איינוואוינער פון אויבן אראפּ...

ווען ער האט געזען ווי זיין פאטער, וועלכער האט יעדעס יאהר גענומען אנטייל אין מכירת יוסף שפּיל און געשפּילט די ראָלע פון עלטסטן פון די ישמעאלים באנדע, נעמט זיך גרייטן צו דער פּראָווע מיט די איבריגע פּורים שפּילער, האט ער אָנגעהויבן פון איהם אויסצולאכן:

— אהא, איהר קליינשטעטלדיגע מיט אייערע קליינקעפּלדיגע השׂגות! זיי האבן אָנגעקריגן א מכירת יוסף, שפּילן זיי איהם יאהר איין יאהר אויס. עס ווערט דאך דעם עולם דערעסן! און בכלל ווי קומט עפּעס "מכירת יוסף" צו פּורים? איז דען נישט גלייכער צו געבן דעם עולם די אמתע אקטועלע "אחשורוש שפּיל", אָפּצושפּילן פארן עולם די גאנצע מעשׂה פון אחשורוש מיט המן און מיטן גאנצן קלאפּערגעצייג פון בגתן

וָתֶרֶש, און אֲפִילוּ אויף וַיְזָתָא!

— בִּיזְט גֶערֶעכְט, מַיין זוהן! — הָאט דֶער שְׁנַיידֶער אִיהם מוֹדֶה גֶעוֶועזֶן — אָבֶער ווִי אַזוֹי מַאכְט מֶען דָאס?

— אִיךְ וֶועל עֶס אַייךְ מַאכְן — הָאט עֶר מִיט שְׁטָאלְץ אוֹיסְגֶערוּפְן — אִיךְ וֶועל אַייךְ צוּנוֹיפְשְׁטֶעלְן אַ "שְׁטִיק" וָואס אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁפִּילְן וֶועלְן מֶעגְן זַיין קֶעגְן דֶעם דִי כַּפָּרָה!...

און בַּאלְד, נָאךְ אִין דֶעם זֶעלְבְּן טָאג, הָאט דֶער רוֹיטֶער גֶעצְל צוּנוֹיפְגֶערוּפְן אוֹיף נָאךְ מַעֲרִיב דִי גַאנְצֶע חֶבְרֶה פּוּרִים שְׁפִּילֶער אוֹיף אַ בֶּערַאטוּנְג אִין דֶער וַוייבֶּער שׁוּהל, צוּ בַּאטְרַאכְטְן דֶעם נַייעֶם פְּלַאן.

אַלֶע ווִי אֵיינֶער הָאבְּן דֶערוֹיף מַסְכִּים גֶעוֶוען און דֶער "אָדֶעסֶער פָּרִיץ" — אַזוֹי הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפְן, הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶער אַרְבֶּעט.

דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט עֶר גֶענוּמֶען פוּנַאנְדֶערְטֵיילְן דִי רָאלְן. זַיין פָּאטֶער, וֶועלְכֶער אִיז פוּן שְׁטֶענְדִיג אָן בַּיי מְכִירַת יוֹסֵף, גֶעוֶוען דֶער

אָנְפִירֶער פון דֶער יִשְׁמָעֵאלִים בַּאנֶדע, איז איצט פון זַיין זוהן גֶעקְרוֹינְט גֶעוָוארְן אַלְס דֶער "קֶעניג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ" און כָּאטְשׁ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ איז גֶעוֶוען אַ מֶלֶךְ אַ טִפֵּשׁ, דָאךְ הָאט דֶער רוֹיטֶער גֶעצֶל מִיט זַיין הַארְטֶער רוֹיטֶער בָּארְד זִיךְ גֶעפִיהלְט גְלִיקְלַאךְ פון דֶער רָאלֶע. פָּארְט אַ מֶלֶךְ.

אַלְס חַרְבוֹנָא, הָאט עֶר אוֹיסְגֶעקְלִיבְּן זַייעֶר חָבֵר, דֶעם שְׁנַיידֶער יוּנְג, דֶעם לַאנְגְן בָּרוּךְ.

— חַרְבוֹנָא — הָאט דֶער "אָדֶעסֶער" גֶעזָאגְט — פַּאסְט זִיךְ זֵייעֶר צוּ זַיין אַ הוֹיכֶע און אוֹיסְגֶעדַארְטֶע פִיגוּר.

אַזוֹי, אֵיינֶעם נָאךְ אֵיינֶעם הָאט עֶר פַּארְטֵיילְט דִי רָאלְן, נִישְׁט פַּארְפֶעלְנְדִיג קֵיינֶעם. מִיט דִי פְרוֹיעֶן רָאלְן אִיז אִיהם אוֹיסְגֶעקוּמֶען אַבִּיסְל שְׁוֶועֶרְלִיךְ, וָוארוּם אַלֶע פּוּרִים שְׁפִּילֶער הָאבְּן גֶעמוּזְט זַיין דוּרְכְאוֹיס בְּלוֹיז מַאנְסְפֶּערְשׁוֹינֶען. אָבֶער אוֹיךְ דֶערְצוּ הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אַ עֵצָה, אַלְס אֶסְתֵּר הָאט עֶר גֶענוּמֶען אַ יוּנְגְן בָּחוּר, וָואס הָאט נָאךְ נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין חֲתִימַת זָקָן, דַאגֶעגְן אַלְס וַשְׁתִּי הָאט עֶר גֶענוּמֶען דֶעם אַלְטְן שׁוּהל שַׁמֶשׁ,

און געהײסן איהם אַרומבינדן דעם פּנים, אַז מען זאָל נישט אַרױסזעהן זײן קאַלטעװאַטע באָרד, זאָל עס הײסן, אַז ושתי׳ן האָט דאַן װײ געטהון די צײן...

— אָבער דאָס ערגסטע — האָט דער רבּי װײטער דערצײלט — איז געװען מיט די ראָל פון המן. קײנער האָט זיך עס נישט געװאָלט אונטערנעמען. װאָס הײסט? אַ איד — אַ המן? און בכלל, װי װעט אַ איד קענען אױסרעדן אַזױ פיהל בלבולים און זלזולים װיפל המן האָט געפּלױדערט?

— באין ברירה — האָט דער אָדעסער זיך אָנגערופן — װעל איך װערן אַ המן איבער דעם פּורים, אַבי די פאָרשטעלונג זאָל זיך אײנגעבן מיטן קנאַק! זײן פאָטער האָט עס עפּעס נישט געשמעקט אָבער דער זוהן לאָזט נישט נאָך...

*

באַלד איז אין גאַנצן שטעטל באַקאַנט געװאָרן דאָס נײעס, אַז הײנטיגס יאָהר פּורים

וֶוערְט צוּגֶעגְרֵייט אַ נַייעַ שְׁפִּיל אוּן פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין הָאבְּן זִיךְ גֶעגְרֵייט צוּם שְׁפִּיל.

אִין דֶעם פּוּרִים'דִיגְן טָאג אִין דֶערְפְרִי, הָאט זִיךְ אִין שְׁטֶעטְל פַארְשְׁפְּרֵייט אַ קְלַאנְג, אַז דֶער "נַאטְשַׁאלְנִיק" הָאט מוֹדִיעַ גֶעוֶוען דֶעם גְבִיר פוּן שְׁטֶעטְל אַז עֶר וִויל בַּייוואוֹינֶען דִי סְעוּדָה.

דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק אַלֵיין, אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶער "הָמָן", וָואס הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַ בִּיסְל אִידִישׁ, הָאט דוּרְכְאוֹיס גֶעוָואלְט זֶעהְן מִיט זַיינֶע אוֹיגְן וִוי אַזוֹי דִי אִידְן לַאכְן אוֹיס פוּן דֶעם אַמָאלִיגְן "הָמָן" אוּן בִּכְלַל הָאט עֶר זֵייעֶר לִיבּ גֶעהַאט אִידִישֶׁע מַאֲכָלִים אוּן שְׁטֶענְדִיג אוֹיסְגֶעקוּקְט אַ גֶעלֶעגְנְהַייט צוּ קֶענֶען אָנְוֶועזְנְד זַיין אוֹיף אַ אִידִישֶׁע שִׂמְחָה.

— צוּ דֶער בַּאשְׁטִימְטֶער צַייט — הָאט דֶער רֶבִּי נָאךְ אַ קוּרְצֶער הַפְסָקָה וַוייטֶער דֶערְצֵיילְט — וֶוען דֶער עוֹלָם אִיז גֶעזֶעסְן אַרוּם דֶעם רַייךְ סֶערְוִוירְטְן טִישׁ, אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק אָנְגֶעטְהוּן יוֹם טוֹב'דִיג, זִיךְ בַּאגְרִיסְט אוֹיף אִידִישׁ זָאגְנְדִיג אַ "גוּטְן פּוּרִים" אוּן פַארְנוּמֶען אַ פְּלַאץ אוֹיבְּנְאָן נֶעבְּן בַּעַל הַבַּיִת.

פון אַלֶע זַײטְן הָאט מֶען גֶענוּמֶען אִיהם דֶערלַאנְגֶען פְלֶעשְׁלַאךְ מִיט גְלֶעזְלַאךְ, דֶער ״פַּאנְיֶע״ הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט לַאנְג בֶּעטְן אוּן גֶענוּמֶען אֵײן גְלֶעזְל נָאכְן אַנְדֶערְן, פַאְרבִּיסְן מִיט דִי אֶמְתֶע אִידִישֶׁע פִּישׁ, בִּיז זַײנֶע אוֹיגְן הָאבְּן גֶענוּמֶען גְלַאנְצְן וְוי בַּײ אַ עֵשָׂו...

פְּלוּצְלוּנְג הָאט זִיךְ דִי טְהִיר הַאסְטִיג אַ עֶפְן גֶעטְהוּן אוּן עֶס הָאבְּן זִיךְ בַּאוִויזְן דִי עֶרְשְׁטֶע צְוֵוײ קַאמֶערְדִינֶער ״בִּגְתָן וָתֶרֶשׁ״ מִיט אוֹיסְגֶעבְּלֵײכְטֶע אוּן דֶערְשְׁרָאקֶענֶע פָּנִימ׳ער, אָנְגֶעטְהוּן ״בִּגְדֵי מַלְכוּת״ מִיט תְּכֵלֶת וְאַרְגָּמָן, מִיט בְּלֶעכֶענֶע שְׁוֶוערְדְן בַּײ דִי זַײטְן אוּן מִיט דְרַײ שְׁפִּיצִיגֶע הִיטְלַאךְ גֶעמַאכְט פוּן פַּאפִּיר. זֵײ הָאבְּן גֶעטְרָאגְן אַ אוֹיסְגֶעבֶּעטְן פָּאטֶעל פַארְן קֶענִיג, וָואס הָאט גֶעזָאלְט דִינֶען אַלְס טְרָאן, אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם כִּסֵא מַלְכוּת אוֹיף אַ אָנְגֶעזֶעהֶענֶעם אָרְט אוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט בַּײ דִי זַײטְן אַלְס עֶהרְן וַואךְ.

עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ בַּאוִויזְן זַײן מַאיֶעסְטֶעט, דֶער קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אַלֵײן...

זַײן בֶּעוַוײזְנְדִיג זִיךְ הָאט בַּײ דִי אָנְוֶועזְנְדֶע

פַארְכַאפְּט דֶעם אָטֶעם. אַלֶע זַיינֶען גֶעבְּלִיבְּן זִיצְן ווִי פַארְגֶאפְּטֶע, מִיט אָפֶענֶע מַיילֶער. אֲפִילוּ דֶער נַאטְשַאלְנִיק אִיז גֶעבְּלִיבְּן מִיט אַ נִישְׁט דֶערְטְרוּנְקֶענֶעם כּוֹס אִיז דֶער הַאנְד. אַלֶעמֶענְס בְּלִיקְן זַיינֶען גֶעוֶוען גֶערִיכְטֶעט צוּם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען פַּאמֶעלַאךְ מִיט קְלֵיינֶע טְרִיט, בִּיז צוּם טְרָאן. עֶר אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעטְהוּן אִין בִּגְדֵי מַלְכוּת, אַיינְגֶעהִילְט אִין אַ רוֹיט פְלוּשֶׁענֶע פְלַאכְטֶע, וֶועלְכֶע הָאט אַ גַאנְץ יָאהר גֶעדִינְט אַלְס אַ קָאלְדְרֶע אוֹיף אַ גְבִירִישׁ בֶּעט. אוֹיפְן קָאפּ הָאט עֶר גֶעטְרָאגְן אַ קְרוֹין, גֶעמַאכְט פוּן גָאלְד פַארְבִּיג פַּאפִּיר. דוּרְךְ דִי אוֹיסְגֶעשָׁארֶענֶע לֶעכֶער, וֶועלְכֶע הָאבְּן מִן הַסְתָּם גֶעדִינְט אַלְס "בְּרִילְיַאנְטְן" הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעווִיזְן דֶער שְׁוַוארְצֶער סַאמֶעט פוּן דֶער "קַאפְּל" וָואס דֶער קֶענִיג הָאט גֶעטְרָאגְן, מֶען זָאל אִיהם חָלִילָה נִישְׁט חוֹשֵׁד זַיין אַז עֶר גֵייט אִין בְּלוֹיזְן קָאפּ. אִין דֶער הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטְן אַ רוּנְדְן וַואלְגֶער הָאלְץ, וָואס הָאט גֶעזָאלְט דִינֶען אַלְס דֶער "שַׁרְבִיט הַזָּהָב".

דֶער קֶענִיג הָאט זִיךְ בַּאזֶעצְט אוֹיפְן טְרָאן

פונקט ווי א עֶכטֶער קֶעניג, זַיין פָּנים הָאט גֶעלויכטְן פַאר שִׂמְחָה, זַיין רויטֶע בָּארְד הָאט בַּאקומֶען אַ גָאלְד קָאלִיר און אִיז גֶעוֶוען צוקֶעמְט טַאקֶע "מַעֲשֶׂה מַלְכוּת".

דֶער עוֹלָם אִיז גֶעזֶעסְן מִיט אַ פַארְכַאפְּטְן אָטֶעם, קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעוַואגְט קֵיין פִּיפְּס צו טְהוּן, דָאךְ "אֵימַת הַמַלְכוּת". אֲפִילוּ דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק הָאט דַאן פַאר אִיהם גֶעצִיטֶערְט "כְּעַבְדָא קַמֵיה מָרָא"...

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט זִיךְ בַּאווִיזְן דֶער לַאנְגֶער און דַארֶער "חַרְבוֹנָא". בַּיי זַיין בוּקְן זִיךְ פַארְן קֶענִיג הָאט מֶען גֶעקֶענְט מֵיינֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ אַיינְגֶעבְּרָאכְן אִין צְוֵוייעֶן. עֶר הָאט גֶעמָאלְדְן דֶעם קֶענִיג, אַז זַיין מִינִיסְטֶער הָמָן וִויל מִיט אִיהם רֶעדְן.

דֶער קֶענִיג הָאט גֶעמִיטְלִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְן זַיין הָאלְצֶערְנֶעם "שַׁרְבִיט הַזָהָב" אַלְס צֵייכְן, אַז עֶר בֶּעט אִיהם אַרַיין און...

"וַיָבוֹא הָמָן" — הָאט דֶער רֶבִּי אוֹיסְגֶערוּפְן

מיטן נגון פון דער מגילה, וואס האט בײַ אַלע תּלמידים אויסגערופן גרויס הייטערקייט.

— וואס זאָל איך אײַך דערציילן — האָט דער רבי שוין לײַנגער נישט געוואָלט מאַריך זײַן — ממש אַ עכטער המן. ער איז אַרײַנגעקומען מיט שטאָלץ און גאווה, ווי המן בשעתו. ער איז געווען אָנגעטהון אין די אמתע גענעראַלסקע הויזן מיט אַ ברייטן רויטן פּאַס, אַ עכט גענעראַלסקן חאַלאַט מיט ברייטע געפלאָכטענע עפּאָלעטן ווי די חלות אויף די אַקסלען. בײַ דער זײַט האָט ער געטראָגן אַ עכטער שווערד, כאָטש אַ אַלטע, אַ אויסגעקרומטע, נאָך פון נאַפּאָליאָנס צײַטן, אָבער דאָך אַ שווערד. בײַ די פּיס האָבן געהאָנגען גלעקלאַך. מיט איין וואָרט: אַ אמתער המן...

— אָבער ווײַזט אויס — האָט דער רבי מיט אַ זיפץ געזאָגט — אַז אַ איד טאָר דאָך קיין המן נישט זײַן, און טאַקע זײַן צופיהל נאָכמאַכן המנ׳ען האָט אויף איהם געבראַכט די מפּלה. אַלס אויפגעקלערטער האָט ער נישט געוואָלט פּאָלגן זײַן פּאָטער...

באַלד ווי ער האָט זיך באַוויזן מיט זײַן פּראַכט און גלאַנץ, האָט דער נאַטשאַלניק זיך אײַנגעצאַנגען פאַרגעסן אַז ער געפינט זיך גאָר בײַ אַ אידישע פּורים פאָרשטעלונג. ער האָט געמיינט אַז דאָס איז עפּעס אַ אמתער גענעראַל פון פּעטערבורג געשיקט. און מיט גרויס דרך ארץ צוגעגאַנגען צו איהם און אויסשטײפנדיג זיך ווי אַ סטרונע זיך בעגריסט אויף רוסיש, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גענעראַל פון דער רוסישער אימפּעריע. אָבער דער אידישער המן איז דערפון גאַרנישט נתפּעל געוואָרן, נישט געענטפערט אויף דער באַגריסונג און אַוועק מיט גאווה צום קעניגליכן טראָן. ער האָט זיך געמאַכט שפּירן המנ'דיג...

דער עולם האָט זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן פון געלעכטער פון דעם נאַטשאַלניקס טעות און אויסגעבראָכן אין אַ הילכיגן געלעכטער. דער נאַטשאַלניק האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף און געבליבן שטיין אַ שטאַרק פאַרשעמטער. ער איז באַלד געקומען צו זיך, אָנגעכאַפּט דעם אידישן המן בײַ די לאַטשן, און גענומען טופּען מיט די פיס פאַר כעס און אָנגעהויבן צו שעלטן

אוֹיף דֶער עֶכט רוּסִישְׁן שְׁטֵייגֶער. דֶער "אִידִישֶׁער גֶענֶערַאל" הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט אוּן אִיהם אַוֶועקְגֶעשְׁטוּיסְט אִין דֶער זַייט. וֶוער וֵוייסְט וָואס דָא וָואלְט גֶעוָוארְן, וָואס פַאר אַ צָרוֹת דִי אִידְן וָואלְטְן גֶעהַאט פוּן זֵייעֶר אִידִישְׁן "הָמָן", וֶוען נִישְׁט, וָואס עֶטְלִיכֶע פָּאלִיצְיַאנְטְן וָואס הָאבְּן גֶעהַאלְטְן אָרְדֶענוּנְג, זַיינֶען אַרַיין אוּן בַּאזַייטִיקְט דֶעם אִידִישְׁן הָמָן. דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק הָאט זִיךְ אָבֶּער נִישְׁט בַּארוּהִיגְט אוּן גֶעהֵייסְן דֶעם "הָמָן" אַרֶעסְטִירְן.

זֶעלְבְּסְט פַארְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אַז דִי פּוּרִים-שְׁפִּיל אִיז אִיבֶּערְגֶערִיסְן גֶעוָוארְן. דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק אִיז אַוֶועק מִיט כַּעַס נִישְׁט זָאגְנְדִיג קֵיין גוּטֶע נַאכְט. מֶען הָאט בַּאלְד גֶענוּמֶען שִׁיקְן שְׁתַּדְלָנִים אַז מֶען זָאל דֶעם "אָדֶעסֶער הָמָן" בֶּעפְרַייעֶן. בְּלוֹיז צוּמָארְגְנְס נָאךְ פּוּרִים, אוּם שׁוּשַׁן פּוּרִים, וֶוען עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעהַאט אוֹיסְגֶענִיכְטֶערְט פוּן בְּרָאנְפְן, הָאט עֶר גֶעהֵייסְן בַּאפְרַייעֶן דֶעם "הָמָן", אָבֶּער עֶר הָאט גֶעמוּזְט צוּזָאגְן אַז מֶעהר וֶועט עֶר דָאס נִישְׁט טְהוּן. דָאס שְׁטֶעטְל הָאט אוֹיסְגֶעמִיטְן אַ אוּמְגְלִיק.

— אַזוֹי אִיז דֶער סוֹף — הָאט דֶער רֶבִּי צוּגֶעגֶעבְּן — דֶער סוֹף פוּן אַלֶע הָמָנְס...

דֶער סוֹף פוּן זִיבֶּעצִיג

אִין "יוֹצֵר" לְפַּרְשַׁת זָכוֹר (וִוי עֶס הוֹיבְּט זִיךְ אָן "זָכוֹר אִישׁ אֲשֶׁר הִגְוִיעַ אָב לְלֹא עִתּוֹ") פִּירְט אוֹיס דֶער פִּיוּט "תַּכְלִית שִׁבְעִים נִתְלָה עַל חֲמִישִּׁים", וָואס אִיז דֶער פְּשַׁט פוּן דֶעם?

— פוּן דֶעם פָּסוּק "אַחַר הַדְבָרִים הָאֵלֶה גִידַל הַמֶלֶךְ אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אֶת הָמָן בֶּן הַמְדָתָא" בִּיז דֶעם פָּסוּק "וַיִתְלוּ אֶת הָמָן", אִיז דָא זִיבֶּעצִיג פְּסוּקִים (מֶדְרָשׁ רַבָּה, בַּמִדְבָּר י"ד). "תַּכְלִית שִׁבְעִים" דֶער אוֹיסְפִיר פוּן דִי זִיבֶּעצִיג פְּסוּקִים אִיז "נִתְלָה עַל חֲמִישִּׁים" אַז מֶען הָאט הָמָן'ען גֶעהָאנְגֶען אוֹיף אַ בּוֹים וָואס אִיז הוֹיךְ פוּפְצִיג אֵיילְן...

# נִישְׁט גֶעלָאזְט פוּן הִימְל

אִין קָאזְשְׁנִיצֶער מַגִיד'ס בֵּית הַמִדְרָשׁ אִיז גֶעוֶוען פַארְזַאמְלְט אַ גְרוֹיסֶער עוֹלָם חֲסִידִים. עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, דֶער זֵייגֶער וַוייזְט שׁוֹין אַ שָׁעָה פַאר חֲצוֹת, אוּן דָאךְ הַאלְט מֶען נָאךְ פַאר קְרִיאַת הַמְגִילָה.

מֶען וַוארְט אוֹיפְן מַגִיד.

דֶער הֵיילִיגֶער מַגִיד אִיז אַרוֹיס דֶערְוַוייל מִיט זַיין שַׁמֶשׁ אִין דֶער פִינְסְטֶערֶער נַאכְט אוּן גֶעלָאזְט זִיךְ צוּ דֶער מִקְוֶה.

דֶער מַגִיד אִיז גֶעגַאנְגֶען שְׁנֶעל, זֵייעֶר שְׁנֶעל, כִּמְעַט גֶעלָאפְן.

צוּקוּמֶענְדִיג צוּ דֶער מִקְוָה הָאט דֶער הֵיילִיגֶער מַגִיד בַּאפוֹילְן דֶעם שַׁמֶשׁ:

— מַאךְ צוּ גִיכֶער דִי טְהִיר אוּן פֶענְסְטֶער, אוּן גִיבּ אַכְטוּנְג, אַז עֶס זָאל קֵיינֶער נִישְׁט אַרֵיינְקוּמֶען אִינְוֶוייגִיג !

דֶער שַׁמֶשׁ אִיז זֵייעֶר אוֹיפְּפַּאלְנְד גֶעוֶועןּ דֶעם רֶבִּינְס וֶוערְטֶער אוּן בִּכְלַל דִי הִתְנַהֲגוּת פוּן הֵיילִיגְן מַגִיד אִין דֶעם טָאג פוּן תַּעֲנִית אֶסְתֵּר: דָאס נִישְׁט צוּלָאזְן צוּ זִיךְ קֵיין מֶענְטְשׁ, אֲפִילוּ פוּן זַיינֶע נָאנְטְסְטֶע מְקוֹרָבִים, דָאס אָפְּשְׁלִיסְן זִיךְ אוֹיף אַ גַאנְצְן טָאג אִין זַיין חֶדֶר־מְיוּחָד ווִי עֶר וָואלְט זִיךְ מֵכִין גֶעוֶועןּ צוּ עֶפֶּעס, וָואס דַארְף פָּארְקוּמֶען דִי נַאכְט.

דֶער שַׁמֶשׁ הָאט נִישְׁט גֶעלָאזְט צוּ זִיךְ צְוֵויי מָאל רֶעדְן, אוּן פַארְקְלַאפְּנְדִיג טְהִיר אוּן פֶענְסְטֶער פוּן מִקְוָה, הָאט עֶר זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט וַוארְטְן גֶעדוּלְדִיג אוֹיפְן רֶבִּין.

אֵיידֶער דֶער הֵיילִיגֶער מַגִיד אִיז צוּגֶעטְרָאטְן צוּ דֶער טְבִילָה, הָאט עֶר פְרִיעֶר גוּט בּוֹדֵק גֶעוֶועןּ דִי טְהִיר אוּן פֶענְסְטֶער, ווִי מוֹרָא הָאבְּנְדִיג, אַז דֶער שַׁמֶשׁ הָאט נִישְׁט גֶעטְהוּן זַיין אַרְבֶּעט בֶּאֱמוּנָה, אוּן עֶנְדְלִיךְ אַרָאפּ אִין וַואסֶער.

עֶס אִיז אַדורְךְ אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה, אַ שָׁעָה... חֲצוֹת...

דֶער רֶבִּי בֶּעוַוייזְט זִיךְ נָאךְ אַלְץ נִישְׁט.

דִי אומְרוּהִיגְקַייט פוּן שַׁמָש אִיז גֶעשְׁטִיגְן פוּן רֶגַע צוּ רֶגַע, בִּיז עֶר הָאט עֶנְדְלִיךְ בַּאשְׁלָאסְן אַרַיינְצוּגֵיין צוּם רֶבִּין...

שְׁטִיל הָאט עֶר גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר און אַרַיין אִין מִקְוָה. אָבֶּער וִוי דֶערְצִיטֶערְט אִיז עֶר גֶעוָוארְן, וֶוען עֶס הָאבְּן זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג דֶערְטְרָאגְן צוּ זַיינֶע אוֹיעֶרְן מְאוּיָמ׳דִיגֶע הִילְפְס־רוּפְן פוּן רֶבִּין:

— וַויי אִיז מִיר, וַויי! — וֶוער וֶועט מִיר אִיצְט הֶעלְפְן אִין אַזַא עֵת צָרָה!...

אִין אַ רֶגַע אַרוּם הָאט זִיךְ שׁוֹין דֶער שַׁמָש גֶעפוּנֶען בַּיי דֶער מִקְוָה, און אַ טוֹיט־דֶערְשְׁרָאקֶענֶער אַרוּנְטֶער גֶעקוּקְט אִין וַואסֶער. דָארְט הָאט עֶר דֶערְזֶעהְן דֶעם רֶבִּין, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶעוַראנְגְלְט מִיט עֶפֶּעס אִין וַואסֶער. עֶר הָאט אָנְגֶעוֶוענְדֶעט כָּל מִינֵי תַּחְבּוּלוֹת, כְּדֵי מְנַצֵחַ צוּ זַיין דֶעם נִישְׁט דֶערְזֶעהַבַּארְן שׂוֹנֵא, עֶר הָאט זִיךְ

גֶעאַמְפֶּערְט מִיט נִישְׁט מֶענְטְשְׁלִיכֶע כֹּחוֹת. אָבֶער עֶס אִיז קֶענְטִיג גֶעוֶוען, אַז עֶר אִיז שׁוֹין זֵייעֶר אָפְּגֶעשְׁוַואכְט. דִי אָדֶערְן זַיינֶען אַרוֹיס אוֹיף זַיין הֵיילִיגְן שְׁטֶערְן אוּן זַיין גַאנְצֶער גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען בַּאדֶעקְט מִיט שְׁוֵוייס.

וְוי עֶס אִיז, מִיט גְרוֹיס מַאטֶערְנִישׁ הָאט דֶער שַׁמֶשׁ גֶעהָאלְפְן דֶעם מַגִיד אַרוֹיסְקוּמֶען.

מִיט אַ אַרָאפְּגֶעלָאזֶענֶעם קָאפּ אִיז דֶער מַגִיד צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אַרַיין, וואוּ דֶער פֶערְזַאמְלְטֶער עוֹלָם חֲסִידִים הָאט שׁוֹין מִיט אוּמְרוּהֶ אוֹיסְגֶעקוּקְט דֶעם רֶבִּין זַייט אַ פָּאר שָׁעָה, פוּן צַייט צוּ צַייט הָאט עֶר נָאךְ אַ קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן, אוֹיסְרוּפְנְדִיג:

— פוּן הִימְל הָאט מֶען נִישְׁט גֶעוָואלְט! — פוּן הִימְל הָאט מֶען נִישְׁט גֶעוָואלְט!...

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען שְׁפֶּעט נָאךְ חֲצוֹת, וֶוען מֶען אִיז צוּגֶעטְרָאטְן צוּ קְרִיאַת הַמְגִילָה.

דִי מְגִילָה הָאט גֶעלֵייעֶנְט דֶער מַגִיד אַלֵיין, מִיט גְרוֹיסֶע כַּוָונוֹת, אוּן יֶעדֶעס מָאל בַּיי דִי

ווערטער "הָמָן בֶּן הַמְדָתָא" האט ער מַאֲרִיךְ גֶעוֶועזן און זַיין הֵיילִיג פָּנִים האט גֶעפְלַאמְט.

נָאכְן לֵייעֶנְען די מְגִילָה איז דער מַגִיד אַרַיין אין זַיין חֶדֶר מְיוּחָד. דֶער שַׁמָשׁ, וועלכֶער האט נָאךְ גֶעצִיטֶערְט פַאר שְׁרֶעק פוּן זַיינֶע אִיבֶּערְלֶעבּוּנְגֶען אין דֶער מִקְוָה, האט גֶעוַואגְט און אַרַיין צוּם רֶבִּין, בִּכְדֵי צוּ וויסְן וָואס עֶס איז גֶעשֶׁעהן.

דֶער מַגִיד איז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אין חֶדֶר שְׁטַארְק פֶער׳מֹחַ׳ט. עֶרְשְׁט אִין אַ וַוייְלֶע אַרוּם האט עֶר בֶּעמֶערְקְט דֶעם שַׁמָשׁ, און פֶערְשְׁטֵייעֶנְדִיג די סִיבָּה פוּן זַיין קוּמֶען, האט עֶר גֶעזָאגְט:

— דוּ האסְט דָאךְ מִן הַסְתָּם גֶעקֶענְט דֶעם אַלְטְן גוֹי, וועלכֶער פְלֶעגְט קוּמֶען אַהֶער תָּמִיד נָאךְ נְדָבוֹת? אָט דֶער גוֹי, וועלכֶער איז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער מְכַשֵׁף, האט פֶערְמָאגְט אִין זִיךְ אַ נִיצוֹץ פוּן עֲמָלֵק׳ן און מִיט מַיינֶע כַּוָונוֹת בַּיי מְחִיַת עֲמָלֵק פְלֶעג אִיךְ אִיהם פִיהל שָׁאדֶענֶען... דָאס האט עֶר גֶעוָואלְט מִיר אוּנְשֶׁעדְלִיךְ מַאכְן.

— און אִיךְ וָואלְט אִיהם אִינְגַאנְצְן מַכְנִיעַ

גֶעוָועןן — הָאט דֶער הֵיילִיגֶער מַגִיד צוּם סוֹף גֶעזָאגְט — נָאר פוּן הִימְל הָאט מֶען נִישְׁט גֶעוָואלְט...

פַארְגֶעסְן פוּן דִי צָרוֹת

כְּדֵי צוּ קֶענֶען זִיךְ פְרֵייעֶן מִיטְן פּוּרִים, דַארְף מֶען זִיךְ פְרִייעֶר אָנְשִׁכּוֹר'ן בִּכְדֵי מֶען זָאל פוּן זִיךְ אַלֶע דַאֲגוֹת פֶערְטְרַייבְּן אוּן פַארְגֶעסְן וואוּ מֶען אִיז אִין דֶער וֶועלְט. וַוייל בִּשְׁעַת מֶען אִיז נִיכְטֶער, ווִי אַזוֹי אִיז מֶעגְלִיךְ צוּ פְרֵייעֶן זִיךְ מִיט שִׂמְחַת פּוּרִים, אִין דֶער צַייט, וֶוען עֶס אִיז "אַכַּתֵּי עַבְדֵי אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ אֲנָן", אִין דֶער צַייט, וֶוען מִיר זַיינֶען וַוייטֶער אַרוּמְגֶערִינְגְלְט פוּן דִי פֶערְשִׁידֶענֶע הָמָן'ס אוּן פוּן זֵייעֶרֶע אַכְזָרִיוּת'דִיגֶע גְזֵירוֹת? — דִי דָאזִיגֶע מִצְוָה אִיז נָאר מֶעגְלִיךְ מְקַיֵים צוּ זַיין, וֶוען מֶען אִיז שִׁיכּוֹר...

(כְּתַב סוֹפֵר)




מֶען לֵייעֶנְט די מְגִילָה אִין אַמְסְטֶרְדַאמֶער שׁוהל

# צוּגֶעשִׁיקְט אַ מְגִלָּה לֵייעֶנֶער

אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט אוֹיף דֶעם וַוייס שְׁנֵיי בַּאדֶעקְטְן פֶעלְד, נָאהֶנְט צוּם יוּנְגְן סָאסְנֶע־וֶועלְדְל מִיט דִי הוֹיכֶע אוּן דִינֶע בּוֹימֶער, שְׁטֵייט זִיךְ עֶלְנְד וִוי אַ יָתוֹם, דָאס הַייזְל פוּן רַבִּי יִשְׂרָאֵל חַיִים דֶער סְטָאלֶער.

שׁוֹין אֵיינִיגֶע וָואכְן, וִוי דֶער אַלְטֶער רַבִּי יִשְׂרָאֵל גֵייט נִישְׁט אַרוֹיס פוּן שְׁטוּבּ, עֶר שְׁפִּירְט זִיךְ זֵייעֶר שְׁוַואךְ, אַ אִיד שׁוֹין הֶעכֶער דִי שְׁמוֹנִים. אוֹיךְ דֶער וֶועטֶער שְׁטֶערְט אִיהם דָאס אַרוֹיסְגֵיין פוּן שְׁטוּבּ אוּן אַיינְזַאפְּן זִיךְ מִיט רֵיין פְּרִישֶׁע לוּפְט. דִי שְׁנֵיי בֶּערְג לָאזְן אִיהם נִישְׁט אַרוֹיס... אוּן מִיט אוּמְגֶעדוּלְד קוּקְן זַיינֶע אוֹיגְן אוּן עֶרְוַוארְטְן אַ מֶענְטְשׁ וָואס זָאל קוּמֶען פוּן שְׁטָאט דָא אַהֶער.

אוֹיךְ בַּיי דִי "חֶבְרָה תְּהִילִים" אִין

באַרדיטשעװער אַלטן בית המדרש, לאָזט זיך אָנמערקן דאָס פעהלן פון אַ מיטזאָגער. דאָס איז דער אַלטער רבי ישׂראל חיים. נאָכן תּהילים זאָגן, האָט אײנער דערצײלט, אַז זײענדיג בײ רבי ישׂראל חײמען אין שטוב, האָט איהם אַ רחמנות אַרום גענומען. אַלײן אין אַ אײנזאַמער שטיבל, בײ אַ רױכערדיגן אױװן, ליגט זיך רבי ישׂראל חיים מיט זײן אױסגעדאַרט פּנים און ער ערװאַרט דאָס קומען פון אַ בעקאַנטן... אָבער קײנער קומט נישט... אַ רחמנות — ענדיגט דער דערצײלער...

דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. אױסערגעװײנליכע שנײען האָבן די ערד באַדעקט און עס איז — װי דערמאַנט — שװער געװען דאָס אַרױסגײן פון שטוב און דאָס קומען פון פרעמדע...

און ער ליגט אין אַ נידריגע האַלצערנע בעטל, ער הוסט שװער אָפּ און זײנע גרױסע אױגן קוקן װײט, װײט...

די צײט לױפט װי פײל פון בױגן און עס האָט זיך דערנענטערט דער פּורים.

שוֹין אַרִיבֶּער אֵיינִיגֶע טֶעג און קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶער נֶפֶשׁ הָאט נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעטְרָאטְן דָאס שְׁוֶועל פון דֶער אָרֶעמֶער הֵייזְל. — מֶען זֶעהט קֵיינֶעם נִישְׁט און אָט אִיז שׁוֹין פּוּרִים. ווִי וֶועל אִיךְ הֶערְן מְגִילָה לֵייעֶנֶען? דָאס אִיז גֶעוֶועזְן דִי אֵיינְצִיגֶע זָארְג פון רַבִּי יִשְׂרָאֵל חַיִימֶען, וֶועלְכֶע מֶען הָאט גֶעקֶענְט אָנְזֶעהְן אוֹיף זַיין אוֹיסְגֶעדַארְטְן פָּנִים.

בַּיים בַּארְדִיטְשׁוּבֶער אִין שְׁטוּבּ וַוארְטְן אַלֶע: מְקוּרָבִים, חֲסִידִים און סְתַּם שְׁטָאט מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעקוּמֶען דֶעם רֶבִּין הֶערְן מְגִילָה לֵייעֶנֶען און דֶער רֶבִּי קוּמְט נִישְׁט אַרַיין... וָואס קֶען דָאס זַיין? — אִיז בַּיי יֶעדְן גֶעוֶוען דִי פְרַאגֶע. מֶען הָאט גֶעפְרֶעגְט בַּיים גַבַּאי און אוֹיךְ עֶר הָאט נִישְׁט גֶעווּאוּסְט וואוּ דֶער רֶבִּי גֶעפִינְט זִיךְ. יֶעצְט אִיז דִי פְרַאגֶע נָאךְ מֶעהר פַארְשַׁארְפְט גֶעוָוארְן און יֶעדֶער הָאט גֶעפְרֶעגְט "וואוּ קֶען עֶר זַיין?".

מִיט אֵיינִיגֶע שָׁעָה פְרִיעֶר — הָאבְּן מֶענְטְשְׁן דֶערְצֵיילְט — הָאט מֶען גֶעזֶעהְן אַרוֹיסְגֵיין פון יֶענֶעם הוֹיז, וואוּ דֶער בַּארְדִיטְשׁוּבֶער וואוֹינְט, אַ אִיד אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ ווִינְטֶער רָאק, אַ גְרָאבֶּע פַּאטְשֵׁיילֶע אַרוּמְגֶעווִיקֶלְט אַרוּם דִי הַאלְז און מִיט

אַ טיכל אַ אויג פַארוויקעלט און ער איז געגאַנגען אין דעם ריכטונג צום וועלדל...

פלוצלונג האט זיך די טהיר געעפנט און אין נידריגן הייזל פון רבי ישראל חיימען איז אַריין אַ איד מיט אַ ווינטער ראק און מיט איין אויג פַארוויקלט און מיט אַ שוואך קול געפרעגט, צו ער קען דא לייענען די מגילה. ער גייט פון אונטערוועגנס און עס וועט איהם נישט אויסקומען יעצט זיין אין שטאט...

אויף דעם אלטנס פנים האט זיך באוויזן שטריכן פון שמחה, ער האט זיך דערפרייט וואס דער אויבערשטער האט איהם צוגעשיקט "איינעם" וואס זאל פאר איהם לייענען די מגילה.

אין יענעם אָוונד האט די בלאסע לבנה געהערט אַ שטילן נגון, און אויפן ווייס באדעקטן פעלד, האט זיך געהערט אַ אָפּקלאַנג פון מגלה־נגון, וועלכער האט זיך אַרויסגעריסן דורך די צובראָכענע שויבן און איז פארלוירן געוואָרן אין וועלדל צווישן די הויכע און שטילע סאסנע בוימער...

# נָאכְגֶעזָאגְט דִי תּוֹרָה

די דָאזִיגֶע מַעֲשֶׂה הָאט דֶערְצֵיילְט דֶער בֶּעלְזֶער צַדִיק רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע רוֹקֵחַ זצ"ל, דֶעם טָאג פון זַיין פְּטִירָה, צו זַיינֶע קִינְדֶער און די מְקוּרָבִים:

— דֶער פָּאטֶער רַבִּי שָׁלוֹם, דֶער אַלְטֶער בֶּעלְזֶער צַדִיק ז"ל, הָאט גֶעהֵייסְן זַיינֶע צְוֵויי זִיהן, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע, דֶער שְׁפֶּעטֶערֶער מְמַלֵא מְקוֹמוֹ פון זַיין פָּאטֶער, און זַיין בְּרוּדֶער רַבִּי אֶלְעָזָר פָּאהרְן צום רִיזְשִׁינֶער קֵיין סַאדִיגוּרֶע. זֵיי זַיינֶען אַהִין גֶעפָּאהרְן אויף אַ שַׁבָּת פַּרְשַׁת שְׁקָלִים און גֶעהַאט פון דֶעם רִיזְשִׁינֶער גְרוֹיס כָּבוֹד.

בַּיים גֶעזֶעגֶענֶען, הָאט זֵיי דֶער רִיזְשִׁינֶער גֶעבֶּעטְן זֵיי זָאלְן בַּיי אִיהם פֶערְבְּלַייבְּן נָאךְ אַ שַׁבָּת.

— מִיר קֶענֶען דָאס נִישְׁט, וַוייל עֶס וֶועט אוּנְז

דַאן נִישְׁט מֶעגלִיךְ זַיין אַהֵיימְצוּקוּמֶען אוֹיף פּוּרִים צוּ הֶערְן אוּנזֶער פָּאטֶער׳ס קְרִיאַת הַמְגִילָה — הָאט צוּ אִיהם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ׳לֶע גֶעזָאגְט.

— בַּיי אוּנְז לֵייעֶנְט מֶען אוֹיךְ דִי מְגִילָה אִין פּוּרִים — הָאט דֶער רִיזְשִׁינֶער זִיךְ אָנְגֶערוּפְן — אוּן וִויבַּאלְד מֶען דַארְף זִיךְ פַּארְשְׁפֶּעטִיגְן, הֶעלְפְט נִישְׁט דָאס וָואס מֶען פָּאהרְט צַייטְלִיךְ אַרוֹיס. אָבֶער וִויבַּאלְד אִיהר ווִילְט דַוְוקָא אַהֵיימְפָאהרְן, פָאהרְט מִיר לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם אוּן גְרִיסְט פוּן מַיינְטְוֶועגְן אַייעֶר גְרוֹיסְן פָּאטֶער.

דִי צְוֵויי בְּרִידֶער זַיינֶען אַהֵיימְגֶעפָאהרְן, נִישְׁט קוּקְנְדִיג אוֹיף דֶעם רִיזְשִׁינֶער׳ס הַקְפָּדָה. זֵיי הָאבְּן כָּל יְמֵי חַיֵּיהֶם נִישְׁט פֶערְפֶעהלְט צוּ הֶערְן זֵייעֶר הֵיילִיגְן פָּאטֶער לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה, וֶועלְכֶעס פְּלֶעגְט זַיין מַמֶשׁ מָתוֹק כִּדְבַשׁ, עֶס אִיז צוּגַאנְגֶען אִין אַלֶע אֵבָרִים. נָאךְ אַלְס גָאר אַ יוּנְגֶערְמַאן, הָאט דֶער לוּבְּלִינֶער אִיהם, רַבִּי שָׁלוֹם׳עְן, מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה אִין פּוּרִים. נָאכְן לֵייעֶנֶען הָאט דֶער לוּבְּלִינֶער גֶעזָאגְט:

— דִי דָאזִיגֶע מַעֲשֶׂה הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעהֶערְט

פיהל מָאל, אָבֶער אַזוֹי שֵׁיין ווי דֶער יוּנְגֶערְמַאן הָאט זי מִיר אִיצְט דֶערְצֵיילְט, הָאב אִיךְ זִי נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהֶערְט. דָאס אִיז גֶעוֶוען דִי סִיבָּה וָואס זֵיי הָאבְּן זִיךְ גֶעאַיילְט אַהֵיימְצוּפָאהרְן אוֹיף פּוּרים צוּם פָּאטֶער, צוּ קְרִיאַת הַמְגִילָה.

הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אוֹיפְן וֶועג פֶערְשִׁידֶענֶע עִכּוּבִים, אַזוֹי אַז זֵיי הָאבְּן בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט גֶעקֶענְט אָנְצִיהֶען קֵיין בֶּעלְז צוּ דֶער מְגִילָה. זֵיי הָאבְּן גֶעמוּזְט פֶערְבְּלַייבְּן תַּעֲנִית־אֶסְתֵּר פַארְנַאכְט אִין אַ דָארְף צְווִישְׁן קִילִיקָאוו אוּן זָאלְקָאוו, וואוּ זֵיי הָאבְּן גֶעהֶערְט לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה בַּיי אַ פָּשׁוּטְן דָארְפְס־מְלַמֵד.

זֵיי הָאבְּן אִיצְט גֶעוואוּסְט אַז דָאס הָאט זֵיי דֶער רִיזְשִׁינֶער מַעֲנִישׁ גֶעוֶוען פַּאר נִישְׁט וֶועלְן פָּאלְגְן אִיהם צוּ פֶערְבְּלַייבְּן בַּיי אִיהם נָאךְ אַ שַׁבָּת. רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט דֶערְפוּן גֶעהַאט גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ. דַאגֶעגְן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע הָאט גֶעזָאגְט, אַז בְּדִיעֶבֶד הָאט עֶר דֶערְפוּן אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, וַוייל יֶעדֶעס יָאהר, וֶוען עֶר הֶערְט דֶעם פָּאטֶער לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה, הָאט דֶערְבַּיי זַיין מַחְשָׁבָה אַ שְׁטִיקְל פְּגִימָה, צוּלִיב דֶער גְרוֹיסֶער הֲנָאָה וָואס עֶר פִיהלְט,

ווייל דער גרויסער הימלישער בעל קורא איז טאקע זיינס א פאטער. איצט אבער, ווען ער האט געהערט די קריאה פון א איש פשוט, האט ער נישט געקענט האבן קיין שום זייטיגע מחשבה, נאר מקיים זיין די מצוה פון קריאת המגילה, נישט מעהר.

נאך דער מגילה האבן זיך די ברידער אביסל צוגעלייגט. האט זיך גע׳חלומ׳ט צו רבי יהושע׳לע, אז א אלטער מאן איז צו איהם געקומען און האט איהם געזאגט א חידוש׳ליכע דבר תורה אויף דעם פסוק "ליהודים היתה אורה".

באלד האט זיך רבי יהושע׳לע אויפגעכאפט און געהאט גרויס שמחה פון דעם פשט וואס דער אלטער האט איהם געזאגט, וועלכן ער האט גוט געדיינקט. ער האט אויפגעוועקט זיין ברודער און זיי זיינען פון דארט ביינאכט אוועקגעפארן.

די מגילה פון אין דערפרי, האבן זיי געהערט לייענען אין מאסט, קיין בעלז זיינען זיי ערשט אנגעקומען פונקט ווען דער פאטער איז געגאנגען צו דער סעודה פון דעם פורים׳דיגן טיש, ביי

װעלְכְן זֵיי הָאבְּן זִיךְ אוֹיךְ בַּאטֵיילִיגְט.

אִין מִיטְן פוּן דֶער סְעוּדָה, הָאט דֶער אַלְטֶער בֶּעלְזֶער צַדִּיק אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן תּוֹרָה אוֹיף דֶעם פָּסוּק "לַיְּהוּדִים הָיְתָה אוֹרָה", אוּן גֶעזָאגְט הָאט עֶר פּוּנְקְט דִי זֶעלְבֶּע "תּוֹרָה" װָאס דֶער אַלְטֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין זוּהן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע אִין חָלוֹם.

װֶוען עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דִי "תּוֹרָה", הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֵייט צוּ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע אוּן אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

— נוּ, יְהוֹשֻׁעַ'לֶע, הָאבּ אִיךְ גוּט נָאכְגֶעזָאגְט דִי תּוֹרָה?

קֵיין בֶּן אָדָם הָאט נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם זִין פוּן דִי דָאזִיגֶע שְׁאֵלָה אוּן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'לֶע, װעלְכֶער הָאט זִיךְ אִיצְט מְשַׁעֵר גֶעוֶוען אַז דֶער אַלְטֶער אִיז גֶעוֶוען אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא, הָאט קֵיינֶעם דֶעם עִנְיָן נִישְׁט מְגַלֶּה גֶעוֶוען בִּיז דֶעם טָאג פוּן זַיין פְּטִירָה.

# געלײיענט ביחידות

דער הײליגער װילנער גאון זצ"ל האט, װי באװאוסט, אפגעריכט גלות אין זײן יוגנד. עטליכע יאהר האט ער געװאנדערט אין פארשידענע שטעט, צװישן די איבריגע אויך אין דײטשלאנד, באהאלטענערהײט, נישט ארויסװײזנדיג װער ער איז.

אויך אין די גלות יאהרן האט דער גאון אפגעהיט זײן הײליגע התנהגות מיט אלע זײנע חומרות אזוי װי בײ זיך אין דער הײם. ער פלעגט גײן אנגעטהון מיט טלית און תפילין א גאנצן טאג, און ממש "לא פסיק פומיה מגירסא", ער האט נישט אויפגעהערט צו לערנען דעם גאנצן טאג און דעם גרעסטן חלק פון דער נאכט. אויך האט ער אפגעהיט זײנע חומרות װאס באלאנגט צו אכילה ושתיה א.א.װ.

אַמָאל, תַּעֲנִית אֶסְתֵּר, אִיז עֶר גֶעוֶוען אִין פְרַייסְן וַוייט פוּן אַ שְׁטָאט. עֶר הָאט גֶעזֶעהן אַז גַיין צוּפוּס וֶועט עֶר נִישְׁט אָנְקוּמֶען אִין שְׁטָאט צוּ הֶערְן דִי מְגִילָה בְּצִבּוּר אוּן עֶס הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט גֶעוִויזְן קֵיין וָואגְן וָואס פָארְט אִין שְׁטָאט. הָאט עֶר אָפְּגֶעזוּכְט אַ וָואגְן וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען פוּל מִיט טֶעפְּלַאךְ, אוּן הָאט בַּאצָאלְט דֶעם בַּעַל עֲגָלָה עֶר זָאל אִיהם נֶעמֶען מִיט זִיךְ. אִין מִיטְן וֶועג הָאט זִיךְ דֶער וָואגְן אִיבֶּערְגֶעקֶערְט. דֶער גָאוֹן אִיז אַרוּנְטֶערְגֶעפַאלְן פוּן וָואגְן אוּן אוֹיךְ דִי טֶעפְּלַאךְ זַיינֶען אַרוּנְטֶער גֶעפַאלְן אוּן צוּבְּרָאכְן גֶעוָוארְן. דֶער בַּעַל עֲגָלָה הָאט גֶענוּמֶען שְׁרַייֶען אוֹיפְן גָאוֹן פַארְוָואס עֶר הָאט נִישְׁט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבְּן דִי טֶעפְּלַאךְ זָאלְן נִישְׁט אַרוּנְטֶער פַאלְן אוּן עֶר הָאט אִיהם גֶעשְׁלָאגְן.

דֶער גָאוֹן הָאט נִישְׁט גֶעטְרַאכְט קֵיין סַאךְ אוּן גֶענוּמֶען לוֹיפְן צוּ דִי שְׁטָאט, אָבֶּער וֶוען עֶר אִיז עֶנְדְלִיךְ אַרַיין אִין שׁוּהל אִיז שׁוֹין דָארְט גֶעוֶוען נָאךְ קְרִיאַת הַמְגִילָה. עֶר הָאט גֶענוּמֶען זוּכְן אַ מִנְיָן אָבֶּער עֶס אִיז אִיהם נִישְׁט גֶעלוּנְגֶען. הָאט עֶר צוּגֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט בַּאצָאלְן צְוֵויי גִילְדְן פַאר

יֶעדְן איד, אַזוֹי אַרוּם זַיינֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען נַיין אִידְן אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעפָּאדֶערְט פוּן דֶעם גָאוֹן עֶר זָאל זֵיי בַּאצָאלְן פָּארְאוֹיס דִי גֶעלְד.

דֶער גָאוֹן הָאט יֶעדְן אֵיינֶעם בַּאצָאלְט דִי צְוֵויי גִילְדְן. ווִי נָאר עֶר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה, הָאבְּן זֵיי זִיךְ אַלֶע צוּלַאכְט אוּן אַנְטְלָאפְן. דֶער גָאוֹן הָאט גֶעמוּזְט לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה בִּיְחִידוּת אוּן דָאס הָאט אִיהם פַארְשַׁאפְט גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ, אַזוֹי, אַז יָאהְרְן נָאכְדֶעם וֶוען עֶר פְלֶעגְט דֶערְצֵיילְן דִי מַעֲשֶׂה, פְלֶעגְט עֶר וֵויינֶען מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערְן, פַארְוָואס עֶר הָאט אֵיין יָאהר נִישְׁט גֶעהֶערְט דִי מְגִילָה בְּצִיבּוּר.

## דְרִיטֶער קַאפִּיטְל: **מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת**

אַ לֶעבֶּעדִיגֶער מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת

גֶעבֶּעטְן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת

מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת — צְוֵויי טְרֶערְן

גֶעשִׁיקְט פַּאר דֶעם אוֹרַח

אַ מַארַאנְץ אִין גֶעטָא

# אַ לֶעבֶּעדיגֶער מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת

בַּיי די "טִישְׁן" פוּן דֶעם הוּסִיַאטִינֶער צַדיק רַבִּי מָרְדְכַי פַּייִוויש זצ"ל הָאט מֶען זֵייעֶר זֶעלְטְן גֶעהֶערְט זינְגֶען זְמִירוֹת. פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן הָאט מֶען אַמָאל גֶעהֶערְט בַּיים טִיש אַ גֶעזַאנְג אָן וֶוערְטֶער, אַ זַאךְ וָואס הָאט אַ שַׁייְכוּת צוּם "עוֹלָם הַמַחְשָׁבָה", ווִי חֲסִידִים רוּפְן דֶעם הוּסִיַאטִינֶער'ס דֶרֶךְ. דָאס אִיז גֶעוֶוען שִׂמְחַת תּוֹרָה אוּן פּוּרים.

בַּיי דֶער פּוּרים סְעוּדָה, ווִי אוֹיךְ בַּיים שִׂמְחַת תּוֹרָה טִישׁ, הָאט דֶער רֶבִּי תָּמִיד גֶעהֵייסְן זינְגֶען אַ "וָואלַאךְ". דָאס אִיז אַזַא מִין לִירִישֶׁער גֶעזַאנְג וָואס שְׁטַאמְט פוּן וָואלֶעכַיי. דָאס גֶעזַאנְג פוּן אַ "וָואלַאךְ" זינְגְט זיךְ אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג, אַז עֶס מוּז ציִהֶען טְרֶערְן פוּן די צוּהֶערֶער וויבַּאלְד דֶער נִיגוּן וֶוערְט גֶעזוּנְגֶען פוּן אַ גוּטְן בַּעַל־מְנַגֵן. בִּשְׁעַת מֶען

הָאט גֶעזוּנגֶען דֶעם "וָואלַאךְ", אִיז דֶער צַדִיק גֶעזֶעסְן, לוֹיט זַיין שְׁטֵייגֶער זֵייעֶר פַאר'דְבֵקֶה'ט. דָאס דְבֵקוּת פְלֶעגְט בַּיי דֶער פּוּרִים סְעוּדָה דוֹיעֶרְן אַ עֶרֶךְ פוּן אַ פֶערְטֶל שָׁעָה. אַזוֹי וִוי דֶער רֶבִּי אִיז דַאן גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ, הָאבְּן דִי זִינְגֶערְס תֵּיכֶף וּמִיַד אוּנְטֶערְגֶעבְּרָאכְן דֶעם וָואלַאךְ נִיגוּן אוּן אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זִינְגֶען אַ זֵייעֶר לוּסְטִיג נִיגוּנְדְל. אוּן גֶעזוּנְגֶען הָאבְּן דַאן אַלֶע חֲסִידִים צוּזַאמֶען, פַּאטְשְׁנְדִיג דֶערְבַּיי מִיט דִי הֶענְד, אַז דָאס קוֹל הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט וַוייט, דִי שִׂמְחָה אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶוען הִימְלִישׁ. יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט דֶערְבַּיי גֶעטַאנְצְט אוּנְטֶער זִיךְ, וַוייל דִי פִּיס הָאבְּן זִיךְ גֶעהוֹיבְּן אִין דֶער הוֹיךְ.

דִי נִגוּנִים וָואס דִי חֲסִידִים פְלֶעגְן זִינְגֶען פּוּרִים נָאךְ דֶעם "וָואלַאךְ" אוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה בִּשְׁעַת דִי הַקָפוֹת, זַיינֶען גֶעוָוארְן "סְקַארְבָּאוֶוע" (טְרַאדִיצְיָאנֶעלֶע) נִגוּנִים בַּיי דִי הוּסִיַאטִינֶער חֲסִידִים. נָאךְ הַיינְט, בַּיי דִי הוּסִיַאטִינֶער, זִינְגֶען דִי חֲסִידִים בַּיי בֵּיידֶע טִישְׁן, פּוּרִים אוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה, דִי זֶעלְבֶּע סְקַארְבָּאוֶוע נִיגוּנִים'לַאךְ.

בַּיי דִי "טִישְׁן" פוּן דֶעם הוּסִיַאטִינֶער צַדִיק פוּן

דִי בֵּיידֶע זְמַנִים, פּוּרִים אוּן שִׂמְחַת תּוֹרָה, הָאט מֶען דֶערְקֶענְט, אַז עֶר בֶּעטְרַאכְט דִי דָאזִיגֶע בֵּיידֶע זְמַנִים פַּאר הָאבְּנְדִיג אַ שַׁיְיכוּת אֵיינֶער צוּם צְוֵוייטְן. בַּיי דִי דָאזִיגֶע בֵּיידֶע סְעוּדוֹת, פְּלֶעגְט דֶער צַדִיק אַלֵיין טֵיילְן שְׁטִיקְלַאךְ קוּכְן צוּ דִי חֲסִידִים. דָאס גֶעדְרֵיינְג פְּלֶעגְט דַאמָאלְס זַיין זֵייעֶר גְרוֹיס. הָאט דָאךְ יֶעדֶער חָסִיד אָנְגֶעוֶוענְדֶעט אַלֶע זַיינֶע כֹּחוֹת צוּ דֶערְהַאלְטְן כָאטְש אַ כַּזַיִת קוּכְן פוּן דֶעם צַדִיק'ס הַאנְד. וַוייל גֶעוואוּסְט הָאט יֶעדֶער אֵיינֶער, אַז דָא הַאנְדְלְט זִיךְ נִישְׁט בְּלוֹיז אִין דֶעם כַּזַיִת קוּכְן, נָאר אִין עֶפֶּעס פִיהל וִויכְטִיגֶערְס. דֶער צַדִיק הָאט דַאמָאלְס מִיט דֶעם כַּזַיִת קוּכְן מַשְׁפִּיעַ גֶעוֶועןְ פַּרְנָסָה צוּ דִי יֶענִיגֶע חֲסִידִים וָואס הָאבְּן גֶעהַאט דִי זְכִיָה דָאס צוּ דֶערְהַאלְטְן פוּן דֶעם צַדִיק'ס הַאנְד.

נָאךְ דֶער סְעוּדַת־פּוּרִים, פְּלֶעגְן דִי גְרוֹיסֶע חֲסִידִים אוּן דִי נָאהֶנְטֶע מְקוּרָבִים אַרַיינְגֵיין צוּם צַדִיק אִין זַיין חֶדֶר, דָארְטְן צוּ טְרִינְקֶען צוּם רֶבִּין "לְחַיִים", מְקַיֵים'דִיג זַיין דִי גְמָרָא: "חַיָיב אָדָם לְבְסוּמֵי בְּפוּרְיָא". אָבֶּער "מְבוּסָם" גֶעוָוארְן זַיינֶען דִי דָאזִיגֶע חֲסִידִים דַוְקָא נִישְׁט פוּן דֶער מַשְׁקֶה, נָאר פוּן דֶעם בֶּערִיהְרְן זֵייעֶר רֶבִּינְ'ס הַאנְד אוּן פוּן

זיך אַײנְקוּקְן אִין זַײן הֵײלִיגֶע מַלְאָךְ׳דִיגֶע צוּרָה.

אַ הִימְלִישֶׁער נַחַת אִיז פַאר זֵײ גֶעוֶוען צוּ זֶעהן זִיצְן זֵײעֶר רֶבִּין אוֹיף זַײן שְׁטוּל, רוּיכֶערְנְדִיג דֶער לַאנְגֶער לוּלְקֶע צִיבֶּעק און נֶעבְּן אִיהם זַײנֶע קִינְדֶער און אֵײנִיקְלַאךְ. דִי טְהִיר פוּן דֶעם רֶבִּינְס חֶדֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אָפְן, כְּדֵי דִי חֲסִידִים, וֶועלְכֶע זַײנֶען גֶעוֶוען פֶערְזַאמְלְט אִין דֶעם גְרוֹיסְן פָארְצִימֶער, זָאלְן אוֹיךְ הָאבְּן דִי זְכִיָה צוּ זֶעהן זֵײעֶר גְרוֹיסְן רֶבִּין, כָאטְשׁ דוּרְךְ דֶער אָפֶענֶער טְהִיר.

און פוּן דֶעם גְרוֹיסְן חֶדֶר וואוּ דִי חֲסִידִים הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען, הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט כְּסֵדֶר אַ מִין שִׂמְחָה׳דִיג זִינְגֶען און טַאנְצְן, אִין דֶער צַײט וֶוען דֶער צַדִיק אִיז גֶעזֶעסְן מִיט אַ עֶרְנְסְטְן גֶעזִיכְט אוֹיף וֶועלְכֶעס עֶס הָאט גֶעשַׁײנְט דִי קְדוּשָׁה און טָהֳרָה, אוֹיפְוַוארְפְנְדִיג אוֹיף יֶעדְן אַ גֶעוַואלְדִיגְן יִרְאַת־הַכָּבוֹד.

אָבֶער וִוי גְרוֹיס אִיז גֶעוֶוען דֶער יִרְאַת־שָׁמַיִם פַאר דֶעם רֶבִּין, הָאבְּן דָאךְ דִי "אַנְשֵׁי מַעֲשֶׂה", גֶעהַאט דִי גְרוֹיסֶע זְכִיָה צוּ זַײן דַאמָאלְס מִיטְן

צַדִיק אִין אֵיין חֵדֶר, גֶעהַאט אִין פּוּרִים אַ מִין בֶּעזוּנְדֶערֶע פְּרִיוִוילֶעגְיֶע, זִיךְ צוּ בֶּענוּצְן מִיט פֶּערְשִׁידֶענֶע אוֹפַנִים פוּן בַּדְחָנוּת, כְּדֵי אַרוֹיסְצוּצִיהֶען אַ שְׁמֵייכְל אוֹיף דֶעם צַדִיק'ס לִיפְּן. אוּן גְלִיקְלִיךְ זַיינֶען זֵיי גֶעוֶוען, וְוִיבַּאלְד זֵייעֶר מִיה הָאט עוֹשֶׂה פֵּירוֹת גֶעוֶוען אוּן דֶער צַדִיק הָאט אַ שְׁמֵייכְל גֶעטְהוּן. וְוייסְט דָאךְ יֶעדֶער חָסִיד, אַז דֶעם צַדִיק'ס אַ שְׁמֵייכְל, אִיז מְעוֹרֵר אַ שִׂמְחָה אִין דִי הִימְלִישֶׁע עוֹלָמוֹת, דוּרְךְ וֶועלְכֶע עֶס וֶוערְט גֶעשַׁאפְן אַ עֵת־רָצוֹן אוּן דֶער צַדִיק אִיז בִּיְכוֹלֶת דַאמָאלְס מַשְׁפִּיעַ צוּ זַיין יְשׁוּעוֹת אוֹיף אִידְן.

אֵיינֶער פוּן דִי דָאזִיגֶע בַּעֲלֵי זְכִיָה'דִיגֶע חֲסִידִים, וָואס פְלֶעגְט מֶעגְן אַרֵיינְגֵיין אִין פּוּרִים "לִפְנַי וְלִפְנִים", אִיז גֶעוֶוען אַ בַּאקַאנְטֶער פִּקֵחַ אוּן וִויצְלֶער מִיטְן נָאמֶען רַבִּי יוּדֶע'לֶע סְקַאלַאטֶער. דֶער דָאזִיגֶער רַבִּי יוּדֶע'לֶע אִיז גֶעוֶוען אַ זֵייעֶר פְרוּמֶער אוּן אָפְּגֶעהִיטֶענֶער אִיד, אָבֶּער דֶערְבַּיי אַ גְרוֹיסֶער בַּעַל הַלָצָה, אוֹיף אַ חֲסִידִישְׁן אוֹפָן. טָאמֶער הָאט עֶר זִיךְ פַארְנוּמֶען צוּ דֶערְצֵיילְן עֶפֶּעס אַ הַלָצָה מַעֲשֶׂה, הָאט מֶען מַמָשׁ גֶעקֶענְט צוּקַייכְט וֶוערְן פַאר גֶעלֶעכְטֶער. פְלֶעגְט עֶר פּוּרִים דֶערְצֵיילְן

פַארְן צַדִיק זַיינֶע פְרֵיילִיכֶע, לַאכֶעדִיגֶע מַעֲשֶׂה׳לַאךְ און דֶערְמִיט מונְטֶער גֶעמַאכְט דֶעם צַדִיק׳ס פָּנִים און אָפְּטְמָאל גורֵם גֶעוֶועןְ דֶער רֶבִּי זָאל אַ שְׁמֵייכְל טְהון.

דֶער דָאזִיגֶער רַבִּי יודֶע׳לֶע אִיז גֶעוֶוען אַ הויקֶערְל. אַ קְלֵיינְטְשִׁיק אִידֶעלֶע מִיט צְוֵוי פֶּעקְלַאךְ פון הִינְטְן און פון פָארְנְט. דָאס בְּלויזֶע אָנְקוקְן אִיהם הָאט שׁוין גֶעקֶענְט אַרויסְצִיהֶען אַ שְׁמֵייכְל. און הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, דורְךְ דֶעם מֶענְטְשְׁנ׳ס פַארְמִיטְלונְג, הָאט אִיהם מְזַוֵוג גֶעוֶוען מִיט זַיינְס גְלַייכְן אויךְ אַ קְלֵיינְטְשִׁיק הויקֶערְל. הָאט דָאס פָּאר פָּאלְק גֶעלֶעבְּט בְּשָׁלום, וַוייל קֵיינֶער פון בֵּיידֶע הָאט נִישְׁט גֶעפונֶען קֵיין שׁום חִסָרון אִין צְוֵוייטְן. דָאס פַּאסְנְדִסְטֶע פָּאר פָּאלְק אִין דֶער וֶועלְט.

קִינְדֶער הָאבְּן זֵיי נִישְׁט גֶעהַאט. זֵיי הָאבְּן אֲפִילו כִּמְעַט אויפְגֶעגֶעבְּן דִי הָאפְנונְג צו הָאבְּן אַמָאל דִי שִׂמְחָה פון אַ אֵייגְן קִינְד, וַוייל אַלֶע דָאקְטוירִים הָאבְּן בְּפֵירוּשׁ עֶרְקְלֶעהְרט, אַז עֶס אִיז נִישְׁט מֶעגְלִיךְ, עַל פִּי דֶרֶךְ הַטֶבַע, דָאס זֵיי זָאלְן קֶענֶען הָאבְּן קִינְדֶער.

אַלְס אַ אֱמֶתְער חָסִיד, הָאט רַבִּי יודֶע׳לֶע נִישְׁט גֶעוָואלְט דֶעם רֶבִּין שְׁטַארְק דֶערְקוּטְשֶׁען וֶועגְן אַ קִינְד. עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אֲפִילוּ בַּיי אַזַא גְרוֹיסְן צַדִיק ווִי דֶער הוּסִיַאטִינֶער אִיז, אִיז אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין זֵייעֶר גְרִינְגֶע זַאךְ מְשַׁנֶה צוּ זַיין דֶעם דֶרֶךְ הַטֶבַע. דֶערְצוּ מוּז דֶער צַדִיק הָאבְּן אַ גֶעוַואלְדִיגְן עֵת רָצוֹן, אַ זַאךְ וָואס אִיז נִישְׁט אָפְט בִּמְצִיאוּת.

הָאט זִיךְ רַבִּי יודֶע׳לֶע פוּן דֶעם עִנְיָן מִיט דֶער צַייט אִינְגַאנְצְן מְיַיאֵשׁ גֶעוֶוען.

טְרֶעפְט זִיךְ אַמָאל אִין פּוּרִים, אַז רַבִּי יודֶע׳לֶען זַיינֶען גֶעוֶוען זֵייעֶר גֶעָראטְן זַיינֶע הַלָצָה מַעֲשֶׂה׳לַאךְ. דִי צוּרָה פוּן דֶעם צַדִיק הָאט גֶעוִויזְן, אַז אִיצְט אִיז ״בְּדִיחָא דַעְתֵּיהּ״ מֶעהר ווִי תָּמִיד. אוֹיבּ אַזוֹי? — הָאט זִיךְ רַבִּי יודֶע׳לֶע גֶעטְרַאכְט — אִיז דָאךְ אִיצְט גֶעווִיס אַ גְרוֹיסֶער ״עֵת רָצוֹן״, טָא מוּז מֶען פְּרוּבִּירְן גְלִיק, וַוייל ״אֵין לְךָ אָדָם שֶׁאֵין לוֹ שָׁעָה״ (יֶעדֶער מֶענְטְשׁ הָאט אַמָאל אַ גְלִיקְלִיכֶע מִינוּט).

זֶעהֶענְדִיג דֶעם צַדִיק׳ס בְּדִיחוּת הַדַעַת (מוּנְטֶערְקַייט), הָאט רַבִּי יודֶע׳לֶע זִיךְ אָנְגֶעגוּרְט

מִיט מוּט אוּן קוּרַאזְש, אַרוֹיסְגֶענוּמֶען זַיין קֶעשֶׁענֶע פַּאטְשֵׁיילֶע, צוּגֶעגַאנְגֶען נֶענְטֶער צוּם צַדִיק, אוֹיפְשְׁטֶעלְנְדִיג דִי פַּאטְשֵׁיילֶע אוֹיף אַ אוֹפָן זִי זָאל הָאבְּן אַ בֵּית קִבּוּל אוּן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן צוּם צַדִיק בְּדֶרֶךְ הַלָצָה:

— רַבִּי! וַוארְפְט אַרַיין אַ קִינְד אִין דֶער פַּאטְשֵׁיילֶע!

דֶער צַדִיק הָאט אַ שְׁמֵייכְל גֶעטְהוּן אוּן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן:

— זָאל דִיר הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ הֶעלְפְן!

בַּיי דִי אַרוּמְשְׁטֵייעֶנְדֶע חֲסִידִים אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען מֶעהר קֵיין שׁוּם סָפֵק, אַז רַבִּי יוּדֶע׳לֶע הָאט שׁוֹין בַּאקוּמֶען דִי יְשׁוּעָה אוּן אַז עֶר וֶועט נָאךְ אִין דֶער צַייט וֶוערְן אַ טַאטֶע. אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן הָאט בַּאלְד בַּאמֶערְקְט:

— דֶער צַדִיק הָאט מְכַבֵּד גֶעוֶוען אוּנְזֶער רַבִּי יוּדֶע׳לֶע מִיט אַ שֵׁיינֶער "מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת". עֶר הָאט גֶעהַאט שֵׂכֶל אוּן טַאקֶע גֶע׳פּוֹעֶל׳ט.

עֶר הָאט גֶעטְרָאפְן דֶעם רִיכְטִיגְן עֵת רָצוֹן צוּלִיב דֶעם צַדִיק'ס בְּדִיחוּת־הַדַעַת און עֶר אִיז גֶעהָאלְפְן גֶעוָארְן.

דֶער סוֹף פוּן זִיבֶּעצִיג

אִין "יוֹצֵר" לְפַּרְשַׁת זָכוֹר (וִוי עֶס הוֹיבְּט זִיךְ אָן "זָכוֹר אִישׁ אֲשֶׁר הִגְוִיעַ אָב לְלֹא עִתּוֹ") פִירְט אוֹיס דֶער פִּיוּט "תַּכְלִית שִׁבְעִים נִתְלָה עַל חֲמִישִׁים", וָואס אִיז דֶער פְּשַׁט פוּן דֶעם?

אַנְדֶערֶע זָאגְן פְּשַׁט, אַז אַלֶע נִסִים אִיז גֶעשֶׁעהן דוּרְךְ וַויין. בַּיי דִי וַויין הָאט מֶען גֶעהֵייסְן בְּרֵיינְגֶען וַשְׁתִּי; וֶוען אֶסְתֵּר אִיז גֶעוָוארְן קֶענִיגְן אִיז גֶעוָוארְן אַ "מִשְׁתֵּה יַיִן"; וֶוען דִי גְזֵירָה אִיז אַרוֹיס אִיז אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ און הָמָן "יָשְׁבוּ לִשְׁתּוֹת"; צְוֵויי מָאל הָאט אֶסְתֵּר אַייְנְגֶעלַאדְנְט הָמָן'ען צוּם "מִשְׁתֵּה הַיַיִן"; און וֶוען דֶער קֶענִיג אִיז בַּיים "מִשְׁתֵּה הַיַיִן" בַּאפוֹילְט עֶר הֵיינְגֶען הָמָן'עֶן. אַלֶעס דוּרְךְ וַויין טְרִינְקֶערַיי. וָואס אִיז דֶער תַּכְלִית פוּן דִי "שִׁבְעִים", פוּן דִי יַיִן וָואס בַּאטְרֶעפְט זִיבֶּעצִיג (70=50+10+10) צוּ הֵיינְגֶען הָמָן'ען אוֹיף אַ 50־אֵיילְן'דִיגְן בּוֹים...

# געבעטן משלוח מנות

אין בית המדרש פון קאזשניצער מגיד זצ"ל איז אַרײַן געקומען אַ אָרימער דאָרפישער איד, פון יענעם געגנט, כדי צו הערן די מגילה. געקומען איז ער דאָרט מיט אַ שטימונג פון אַ אָרימאַן. נאָר הערנדיג די מגילה לײענען פון דעם מגיד מיט גרויס התלהבות און שמחה, איז ער אַרײַן אין אַ פורים'דיגע שטימונג און האָט געשפירט אַ אמתע שמחת הנפש.

נאָכן דאַווענען האָט איהם דער מגיד צוגערופן און געזאָגט:

— דו וואוינסט דאָך אין דעם דאָרף, וואָס האָט אַ פאַרבינדונג מיט מיר — פאַרוואָס זשע האָסטו מיר נישט געברענגט קײן משלוח מנות?

דער אָרימאַן איז געבליבן שטײן נישט

וויסנדיג וָואס צו ענטפערן. אין שטוב האט ער נישט געהאט גענוג ברויט אפילו פאר די ווייב און קינדער, ווי קען ער נאך שיקן דעם מגיד משלוח מנות. אזוי שטייענדיג אין פארלעגנהייט, זאגט איהם דער מגיד:

— היינט איז דאך פּורים, קום לאמיר עפּעס פארבייסן און טרינקען.

דער ארימאן איז אריין צום מגיד אין צימער און גענומען די פּורים'דיגע כּיבוד און געכאפּט א פיינעם טרונק. אזוי איז ער אריין אין א פריילאכע פּורים'דיגע שטימונג, וואס ער האט זוכה געווען צו טרינקען צוזאמען מיטן צדיק.

ער איז ארויס אין דרויסן און גלייך צוגעגאנגען צו א ווייין הענדלער, און געבעטן ביי איהם א פלאש גוטן ווייין צוזאגנדיג אז ער וועט איהם באצאהלן: "און אויב נישט, מאכט אויך נישט אויס, היינט איז דאך פּורים!" דער סוחר איז באוויליגט געווארן. ווען דער ארימאן האט געזעהן אז ער איז מצליח, איז ער אריין אין א פּרוכט קלייט, דארטן איז עס איהם אויך געלונגען,

בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אַ פַּיינֶעם מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעבְּרֶיינְגְט נַאכֶער פַּאר דֶעם מַגִיד.

הָאט אִיהם דֶער מַגִיד גֶעזָאגְט:

— זֵייעֶר גוּט הָאסְטוּ גֶעטְהוּן אוּן אַזוֹי זָאלְסְטוּ טְהוּן אַלֶע פּוּרִים!

פְּלוּצִים הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמַאנְט פוּן זַיין בְּנֵי בַּיִת, וֶועלְכֶע שְׁמַאכְטְן אִין אָרִימְקַייט אוּן שְׁפִּירְן גָארְנִישְׁט דֶעם פְרֵיילַאכְן פּוּרִים. עֶר הָאט זִיךְ ווִידֶער גֶענוּמֶען אַרוּמְדְרֵייעֶן בַּיי דִי קְלֵייטְן, ווִידֶער צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט אַ גַאנְצֶן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת אוּן עֶס גְלַייךְ גֶענוּמֶען צוּ זִיךְ.

וֶוען עֶר אִיז אַרַיין אִין שְׁטוּבּ מִיטְן פַּיינֶעם פַּאק מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, אִיז אַלֶעמֶען גֶעוָוארְן לִיכְטִיג אִין דִי אוֹיגְן, אוּן בַּיי אַ פַּיינֶעם אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְטְן טִישׁ מִיט כָּל טוּב הָאבְּן זִיךְ בַּאזֶעצְט דִי בְּנֵי בַּיִת אוּן גֶענָאסְן פוּן אַ שֵׁיינֶע פּוּרִים סְעוּדָה. דִי שִׂמְחָה אִיז גֶעוֶוען אוֹיסֶערְגֶעוֵוינְלִיךְ אוּן וֶוען זֵיי הָאבְּן גֶעעֶנְדִיגְט, זַיינֶען אַלֶע אַרוֹיס אִין אַ טַאנְץ אוּן

פֶערְצוֹיגְן בִּיז אַ פָּאר שָׁעָה אִין דֶער נַאכְט.

אַזוֹי ווִי זֵיי זַיינֶען פַארְטִיפְט אִין דֶעם פְרֵיילַאכְן טַאנְץ, הֶערְט זִיךְ אַ שְׁטִימֶע פוּן דְרוֹיסְן אוּן אַ קְלַאפּ אוֹיף דֶער טְהִיר. וֶוען זֵיי הָאבְּן זִיךְ צוּגֶעהֶערְט, הָאבְּן זֵיי בַּאמֶערְקְט אַז עֶס אִיז אַ גוֹיאִישֶׁע שְׁטִימֶע. רוּפְט זִיךְ אָן דֶער מַאן צוּ זַיין פְרוֹי:

— מֶען דַארְף אִיהם נִישְׁט עֶפֶענֶען אוּן זָאל עֶר נִישְׁט צוּשְׁטֶערְן דִי שִׂמְחָה.

אָבֶער דֶער גוֹי וָואס הָאט הַאסְטִיג גֶעקְלַאפְּט, הָאט נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט. דֶערְוַוייל הָאט דִי פְרוֹי דֶערְקֶענְט אַז דָאס אִיז דִי שְׁטִימֶע פוּן זֵייעֶר בַּאקַאנְטְן גוֹי, וֶועלְכֶער פְלֶעגְט זֵיי אָפְט בַּאזָארְגְן מִיט פַארְשִׁידֶענֶע פְּרָאדוּקְטְן. הָאט זִי גֶעעֶפְנְט דִי טְהִיר, אוּן פַאר זֵיי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ צוּבֵּיילְטֶער אוּן בְּלוּט־בַּאגָאסֶענֶער גוֹי. זֵיי הָאבְּן אִיהם אַריינְגֶענוּמֶען, אַרוּמְגֶעוַואשְׁן דִי וואוּנְדְן אוּן דֶערְוַוארִימְט, אוּן נַאכְער הָאט מֶען אִיהם גֶעגֶעבְּן צוּ עֶסְן אוּן צוּבֵּייסְן מִיט אַ גְלָאז גוּטְן בְּרָאנְפְן אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעלֶעגְט דָאס הַארְץ.

דַאן הָאט עֶר זֵיי גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז שׂוֹין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים שְׁוֶועל פוּן טוֹיט, וַוייל זַיין זוּהן הָאט אִיהם גֶעשְׁלָאגְן טוֹיט קְלֶעפּ אוּן אִיהם אַרוֹיסְגֶעוָוארְפְן אִין גַאס. וֶוען זֵיי וָואלְטְן אִיהם יֶעצְט נִישְׁט אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין שְׁטוּבּ, וָואלְט עֶר גֶעשְׁטָארְבְּן פוּן דִי וֵוייטָאגְן אוּן קֶעלְט.

צוּלִיבּ פַּארְדְרוּס אוֹיף זַיין זוּהן אוּן אַלְס דַאנְקְבַּארְקַייט צוּ דֶעם אִידְן, הָאט זֵיי דֶער גוֹי אַנְטְפְּלֶעקְט אַז עֶר הָאט אַ "מַטְמוֹן" פוּן פִיהל גֶעלְד אוּנְטֶער אַ גֶעוִויסְן בּוֹים אִין וַואלְד, וָואס דֶער זוּהן הָאט גֶעוָאלְט יַרְשֶׁענֶען פוּן אִיהם, נָאר יֶעצְט נָאכְדֶעם וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעוָואלְט הַרְגֶענֶען, שֵׁיינְקְט עֶר עֶס דֶעם אִידְן. אִין אַ טוּנְקֶעלֶע נַאכְט אִיז דֶער גוֹי גֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם אִידְן אִין וַואלְד אוּן אִיהם גֶעוִויזְן דֶעם אָרְט.

דִי וואוּנְדְן הָאבְּן גֶעהַאט אַ שְׁטַארְקֶע ווִירְקוּנְג אוֹיפְן גוֹי׳ס גֶעזוּנְד אוּן בִּיז אַ פָּאר טֶעג אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבְּן. דַאן אִיז דֶער אִיד גֶעגַאנְגֶען צוּ יֶענֶעם אָרְט, אוֹיסְגֶעגְרָאבְּן דֶעם אוֹצָר אוּן גֶעוָוארְן אַ גְרוֹיסֶער עוֹשֶׁר.

פוּן דַאמָאלְס אָן פְלֶעגְט דֶער אִיד בְּרֵיינְגֶען יֶעדֶעס יָאהר מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת צוּם קָאזְשְׁנִיצֶער מַגִּיד זצ"ל, אַזוֹי ווִי דִי גְרוֹיסֶע גְבִירִים פְלֶעגְן זִיךְ פִירְן.

# מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת — צְוֵויי טְרֶערְן

דֶער הֵיילִיגֶער רִיזְשִׁינֶער זִיצְט אִין תְּפִיסָה, אַלֶע זַיינֶען שְׁרוּיִם בְּצַעַר, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט, נָאר עֶר הַקָּדוֹשׁ — גָארְנִישְׁט, אִיז "מִן הַמֵּיצַר קָרָאתִי"... און אַ תְּפִיסָה אִיז דָאס גֶעוֶוען — אַ פַּחַד, גָאלֶע ווִיסְפֶּע אֲרוּם, וואו קֵיין בֶּן אָדָם אִין דֶער וֶועלְט אִיז נִישְׁט בִּיְכוֹלֶת צוּצוּקוּמֶען. תָּמִיד אִיז דָאס ווִילְדֶע וָואיֶען פון וֶועלְף, דָאס הוּנְגֶערִיגֶע גֶעשְׁרֵיי פון רוֹיבּ פוֹיגְל. נָאר עֶר הַקָּדוֹשׁ, פון גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת אִיז קֵיין רֶגַע נִישְׁט מַפְסִיק פון עֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא, וֵוייסְט נִישְׁט אֲפִילוּ און שְׁפִּירְט נִישְׁט קֵיין חִילוּק פון זַיינֶע מַלְכוּת׳דִיגֶע שְׁטוּבְּן בִּיז דֶעם נַאסְן גְרוּבּ דָא.

פֶערְגֵייעֶן אַזוֹי דֶערְוַוייל שֵׁיינֶע וָואכְן, חֳדָשִׁים גַאנְצֶע. אִידְן רוּהֶען נִישְׁט, דִי גְרֶעסְטֶע שִׂמְחַת מִצְוָה וֶוערְט אָבְּגֶעלֵייגְט. סְטַייטְשׁ גֶעוַואלְד, ווִי

אַזוֹי קֶען מֶען גָאר רוּהֶען, וֶוען אַזַא "קְדוֹשׁ עֶלְיוֹן" גֵייט אָנְגֶעטְהוּן אַרֶעסְטַאנְטְסְקֶע מַלְבּוּשִׁים...

לְכַתְּחִילָה הָאט דֶער שׁוֹמֵר פוּן דֶער תְּפִיסָה אִין דִי עֶרְשְׁטֶע טֶעג גֶעהַאלְטְן אִיהם פַאר אַ פָּשׁוּטְן, גְלַייךְ מִיט אַלֶע, נָאר אֵיינְמָאל נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶע "קִידוּשׁ לְבָנָה" נַאכְט, עֶס אִיז גֶעוֶוען נָאךְ הַאלְבֶּע נַאכְט, דִי גַאנְצֶע וִויסְפֶּע אַרוּם הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, דִי תְּפִיסָה פַאלְט שִׁיעוּר נִישְׁט אַיין פוּן דֶעם מֶעכְטִיגְן "הַלְלוּיָה". דֶער שׁוֹמֵר פוּן תְּפִיסָה אִיז אַרוֹיס אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶער, עֶר זֶעהט קֵיינֶעם אוּן גָארְנִישְׁט אַרוּם זִיךְ, נָאר אַרוּם אִיז לִיכְטִיג אַזוֹי וִוי בַּייטָאג, אוֹיפְן הִימְל שְׁטֵייט אַ שְׁטְרַאלֶנְדֶע לְבָנָה, אַז עֶס אִיז נִישְׁט מֶעגְלִיךְ אִין אִיהר אַרַיינְצוּקוּקְן, וִוי אִין דֶער זוּן, אוּן פוּן אֵיינֶעם פוּן דִי קְרַאטֶעס־פֶענְסְטֶערְלַאךְ, שְׁטְרֶעקְן אַרוֹיס אַ פָּאר וַוייסֶע לִיכְטִיגֶע הֶענְד, נָאךְ לִיכְטִיגֶער וִוי דִי שַׁיין אַרוּם... אוּן דָאס גֶעזַאנְג — אֵין לְשַׁעֵר. פֶערְשְׁטַייט שׁוֹין דֶער שׁוֹמֵר, וֶוער דָאס אִיז. זָאגְט עֶר נִישְׁט פַאר קֵיינֶעם דָארְט קֵיין וָוארְט, אֲפִילוּ נִישְׁט פַאר דִי עֶלְטְסְטֶע זַיינֶע אוּן מִיט דֶעם גְרֶעסְטְן פַּחַד גֵייט עֶר, וֶוען עֶר דֶערְלַאנְגְט אַרַיין דֶעם טֵייל

בְּרוֹיט און דִי אָרִימֶע מָאס וַואסֶער.

אָפְּט קוּמְט אוֹיס, אַז דֶער רִיזְשִׁינֶער מוּז עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאכַאנַאנְד תַּעֲנִית הַאלְטְן, און זַאמְלְט וַואסֶער אוֹיף אֵיינְמָאל "נְטִילַת יָדַיִם".

שְׁטֵייעֶן מַלְאָכִים, שְׂרָפִים און וֵויינֶען פַּאר כִּבְיָכוֹל: — רִיבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, בִּיז וֶוען? — עֶנְטְפֶערְט מֶען: — וֶוען עֶר הַקָדוֹשׁ וֶועט אַלֵיין פֶּערְלַאנְגֶען. נָאר עֶר אִיז דָאךְ אָבֶער דֶער גְרוֹיסֶער מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה, וֶועט עֶר זִיךְ מִתְרַעֵם זַיין חָלִילָה? פֶּערְקֶעהרְט! וָואס גְרֶעסֶער דִי יְסוּרִים, אַלְץ שְׁטַארְקֶער דִי שִׂמְחָה... קוּמְט דָאךְ אוֹיס חָלִילָה, אַז, נָאר נִישְׁט דִי וֶוערְטֶער פַּארְן מוֹיל צוּ בְּרֶענְגֶען...

מַאכְט זִיךְ אֵיינְמָאל, אַז אַ גְרוֹיסֶער שַׂר אִיז אַרָאבְּגֶעקוּמֶען בֶּעקוּקְן דִי תְּפִיסָה, ווִי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, און אַזוֹי אַרוּמְגֵייעֶנְדִיג אַרוּם דֶער גְרוֹיסֶער פֶעסְטוּנְג דֶערְהֶערְט עֶר פְּלוּצְלוּנְג אַ גֶעזַאנְג, ווִי פוּן טוֹיזְנְטֶער דֶערְפְרֵייטֶע הֶערְצֶער. בְּלַייבְּט עֶר שְׁטֵיין, ווִיל זִיךְ טִיפֶער אַיינְהֶערְן פוּן וַואנֶען דָאס קוֹל אִיז.

דָאס אִיז פּוּנְקְט גֶעוֶוען רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אֲדָר וֶוען מֶען אִיז דָאךְ "מַרְבִּים בְּשִׂמְחָה", כְּיָדוּעַ. נוּ, הָאט עֶר הַקָדוֹשׁ פּוּנְקְט דֶעם הַלֵל גֶעזָאגְט. דָאס גֶעזַאנְג רַייסְט זִיךְ אַלְץ שְׁטַארְקֶער אוּן בְּרֵייטֶער אוּן צוּגִיסְט זִיךְ אַרוּם דֶער וִויסְפֶּע, עֶס וֶועקְט אוּן טְרֵייסְט מִיט אַזוֹי פִּיהל הָאפְנוּנְג אוּן גְלוֹיבְּן. פֶערְדְרִיסְט עֶס דֶעם שַׂר: — הַא! ? דָא אִין אַזַא מָקוֹם פּוּרְעָנִיוֹת זָאל זִיךְ גָאר אַ גֶעזַאנְג הֶערְן? הֵייסְט עֶר זִיךְ גְלַייךְ אַהִין פִיהרְן צוּ דֶעם קַאמֶער. עֶר בֶּעפֶעהלְט תֵּיכֶּף אִיהם נָאךְ אִין אַ פִינְסְטֶערֶער קַאמֶער לָאזְן זֶעצְן, אוּן דֶער רִיזְשִׁינֶער אִיז אוֹיךְ נִישְׁט מַפְסִיק פוּן הַלֵל אוּן זִינְגְט בְּרֵייט אוּן הוֹיךְ "הַשֵׁם לִי וְלֹא אִירָא"...

אוּן טַאקֶע בְּאוֹתוֹ יוֹם הָאט מֶען אִיהם אַרָאפְּגֶעזֶעצְט אִין אַ קֶעלֶער־גְרוּבּ וואו קוֹים דוּרְךְ אַ פֶענְסְטֶערְל, אַ טֶפַח דִי גְרוֹיס, הָאט אַבִּיסְל אַרַיינְגֶעלוֹיכְטְן. יְחִידֵי סְגוּלָה זָאגְן דֶערוֹיף, אַז דֶער שַׂר אִיז גָאר גֶעוֶוען אֵלִיָהוּ פַארְשְׁטֶעלְט, כְּדֵי דֶער רִיזְשִׁינֶער הַקָדוֹשׁ זָאל סוֹף כָּל סוֹף דֶערְפִיהלְן דִי אֵיינְגְשַׁאפְט, אוּן בֶּעטְן, אוֹיף גְאוּלָה...

*

עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען פּוּרִים. דוּרְךְ דֶעם טֶפַּח־פֶּענְסְטֶערְל שַׁיינְט אַרַיין אַ וַוארֶעמֶער פַּאס פוּן דֶער זוּן אוּן בֶּעלַייכְט אַזוֹי יוֹם טוֹב׳דִיג, דִי שְׁוַוארְצֶע וֶוענְד פוּן דֶעם קַאמֶער. דֶער הֵיילִיגֶער רִיזְשִׁינֶער הַאלְט אִין רֶעכְטְן בְּרֶען, אַ קַאפִּיטְל נָאךְ אַ קַאפִּיטְל לֵייעֶנְט עֶר פוּן דֶער מְגִילָה. דִי שִׂמְחָה, דָאס הִתְלַהֲבוּת דֶערְגְרֵייכְט צוּ אַ מַדְרֵיגָה, אֵין לְשַׁעֵר: — מִיָּגוֹן לְשִׂמְחָה, מֵאֵבֶל לְיוֹם טוֹב. וִוי גְרוֹיס זְשֶׁע אִיז דֶער חֶסֶד, דֶער שְׁבַח פַּארְן ״כֹּל יָכוֹל״; מֵאֲפֵילָה לְאוֹרָה, — נִישְׁט וַוייט אִיז עֶס, אֵיין רֶגַע אוּן דִי יְשׁוּעָה קוּמְט, נִישְׁטָא קֵיין יֵאוּשׁ... אוּן בְּרֵייט בְּשִׂמְחָה׳דִיג נֶעמְט עֶר זִיךְ אוֹיךְ צוּ דִי סְעוּדַת פּוּרִים.

אוּן אִין סַאמֶע מִיטְן דֶער סְעוּדָה, וִוי עֶר אִיז גֶעווֹאוֹינְט גֶעוֶוען כָּל יָמָיו צוּ נֶעמֶען אוּן שִׁיקְן ״שְׁתֵּי מָנוֹת״ מְקַיֵים זַיין דִי גְרוֹיסֶע מִצְוָה, הָאט עֶר עֶרְשְׁט דֶערְזֶעהְן, אַרוּם זִיךְ פִיהר פֶּערְצוֹימְטֶע וֶוענְד. צוּם עֶרְשְׁטְן מָאל אֶפְשֶׁר דֶערְוִויסְט עֶר זִיךְ, אַז עֶר זִיצְט תָּפוּס... דֶער עֶרְשְׁטֶער רַעְיוֹן אִיז גֶעוֶוען אֲפִילוּ דֶער, וָואס וֶועט עֶר טְהוּן? וִוי אַזוֹי וֶועט עֶר מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה פוּן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת?

נָאר בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ צוּרִיק גֶעכַאפְּט: הַא?!
"מֵאַיִן יָבוֹא עֶזְרִי"?! וואו אִיז אֱמוּנָה? — אִיךְ
יִשְׂרָאֵל — הָאט עֶר חֲרָטָה גֶעהַאט, — פְּרֶעג וְוִי
אַזוֹי? אוּן צוּרִיק זִיךְ פֶּערְפְלַאמְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער
שִׂמְחָה פוּן פּוּרִים.

*

דִי זוּן לָאזְט זִיךְ נִידֶערִיג אַרָאפּ אִין יֶענֶע זַייט
ווַייסְפֶּע, אַ הַאלְבֶּער הִימְל גְלִיהט זִיךְ אִין פְלַאמֶען;
לֶעצְטֶע שְׁטְרַאלְן גִיסְן אַרוּם דֶעם טֶפַח־פֶּענְסְטֶערְל
אוּן גֵייעֶן אוֹיס אֵיינְצִיגְוַוייז. בַּיים פֶּענְסְטֶערְל
שְׁטֵייט פֶּער'צַעַר'ט דֶער רִיזְשִׁינֶער, דֶער שְׁטֶערְן אִין
טִיפֶע קְנֵייטְשְׁן, אוּן אַ בְּלָאנְדְזְשֶׁענְדִיגֶער בְּלִיק אוֹיף
דִי אוּנְטֶערְגֵייעֶנְדִיגֶע זוּהן. דִי מִינוּטְן לוֹיפְן וְוִי דִי
רֶגַע'ס, אוּן אָט וְוִי אַ הַאלְבֶּע זוּן זִינְקְט אַיין אִין
דֶעם רַאנְד פוּן דֶער עֶרְד, וֶוערְנְדִיג, צוּזֶעהֶענְדִיג,
אַלְץ קְלֶענֶער, קְלֶענֶער. עֶר הַקָדוֹשׁ הָאט אַ צִיטֶער
גֶעטְהוּן! אָט נָאךְ אַ רֶגַע נָאךְ אַ רֶגַע, אוּן וֶוען וֶועט
עֶר מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה? אוּן אָט... דֶער לֶעצְטֶער
בְּלִיק שׁוֹין...

— רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! — הָאט דֶער רִיזְשִׁינֶער

אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן: — אִיךְ שִׁיק מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת.

און עֶר הָאט צְוֵויי טְרֶעהרְן גֶעלָאזְט — — —

און וָואס אִיז גֶעוֶועןְ דֶער מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת צוּרִיק? אַ יָאהר פוּן יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת פַאר אִידְן, אַזוֹינְס, וָואס די וֶועלְט הָאט עֶס נָאךְ נִישְׁט גֶעזֶעהן!...

# גֶעשִׁיקְט פַאר דֶעם אוֹרַח

פִּיל פּוּרִים׳ס גֶעדֵיינְק אִיךְ, אָבֶער יֶענֶער פּוּרִים הָאט זִיךְ מִיר אַיינְגֶעקְרִיצְט אִין זִכָּרוֹן מִיט אַ בַּאזוּנְדֶער שַׁארְפְקַייט. נִישְׁט דֶערְפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע אִיבֶּערְלֶעבּוּנְגֶען. נֵיין; דִי אַיינְדְרוּקְן הָאבְּן אוֹיף מִיר גֶעלָאזְט אַ רוֹשֶׁם דַוְקָא צוּלִיבּ זֵייעֶר פַּשְׁטוּת אוּן דֶער עִיקָר צוּלִיבּ דֶעם, וָואס עֶס אִיז גֶעוֶוען מַיין עֶרְשְׁטֶער פּוּרִים אִין דֶער פְרֶעמְד. עֶס רֶעדְט זִיךְ בְּלוֹיז אַזוֹי — ״אִין דֶער פְרֶעמְד״. וואוּ אִיז אַ אִיד אִין דֶער פְרֶעמְד צְוִוישְׁן אִידְן? אוּן בִּפְרַט אַ שׁוּל-אִיד?

הָאבּ אִיךְ בַּאשְׁלָאסְן אַרַיינְצוּכַאפְּן זִיךְ אִין שׁוּל אַרַיין צוּ מִנְחָה-מַעֲרִיב.

אִין אַ אִידִישׁ שְׁטֶעטְל אִין דֶער אַלְטֶער הֵיים אִיז נִישְׁט שְׁוֶוער גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען אַ אִידְן אִין גַאס. הָאבּ אִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם עֶרְשְׁטְן אִידְן אוּן

גֶעפְרֶעגְט, וואו גֶעפִינְט זִיךְ דֶערְבַּיי אַ בֵּית־מִדְרָש?

— קוּמְט מִיט מִיר. אִיךְ גֵיי אוֹיךְ אַהִין — הָאט מִיר דֶער אִיד גֶעעֶנְטְפֶערְט.

מִיר הָאבְּן נִישְׁט גֶעדַארְפְט גֵיין וַוייט. בַּאלְד זַיינֶען מִיר אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין אַ גְרוֹיסְן הוֹיף, וואוּ עֶס הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים. אִין אֵיינֶעם פוּן זֵיי בִּין אִיךְ אַרַיין נָאךְ מַיין בַּאגְלֵייטֶער.

נָאכְדֶעם ווִי מִיר הָאבְּן גֶעוַואשְׁן דִי הֶענְד בַּיים כִּיוֹר (הַאנְד פַּאס), זַיינֶען מִיר אַרַיין צוּם דַאוְונֶען. עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען פִיל אִידְן אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, עֶלְטֶערֶע אוּן אִינְגֶערֶע אוּן קִינְדֶער. אִיךְ בִּין בַּאלְד גֶעוָוארְן אַ טֵייל פוּן אָט דִי טַייעֶרֶע אִידְן, כָּאטְשׁ זֵיי זַיינֶען מִיר גֶעוֶוען פְרֶעמְד, אוּן אִיךְ זֵיי. אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעפִילְט צְווִישְׁן אֵייגֶענֶע בְּרִידֶער, אִין אַ אֵייגֶענֶער הֵיים.

"מִשֶּׁנִכְנַס אֲדָר מַרְבִּין בְּשִׂמְחָה!"

אָט דִי וֶוערְטֶער הָאבְּן זִיךְ מִיר גֶעוָוארְפְן אִין דִי אוֹיגְן תֵּיכֶף בַּיים אַרַיינְגַאנְג. זֵיי הָאבְּן צוּ מִיר אוֹיסְגֶערוּפְן פוּן אַ גְרוֹיסֶע מוֹדָעָה, אִיבֶּער דֶער

גאַנצער לייַנג פון דער וואַנט, וועלכע האָט אָפּגעטיילט דעם בית המדרש פון דעם "חדר שני", אַ קלענערער קלויז, וואו מען האָט אויך געדאַווענט און געלערנט.

עטליכע מינוט בין איך געשטאַנען און האָב באַוואונדערט אָט די מודעה. מסתּמא איז זי שוין געהאָנגען פון ראש חודש אדר אָן. די ווערטער, וועלכע זיינען מיר, פּונקט ווי יעדן אידן, אַזוי באַקאַנט, האָבן דאָך אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. איך האָב געפילט ווי מיין עלנדקייט איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן און אַ נייע שמחה האָט אָנגעפילט מיין האַרץ. מערקווירדיג ווי פריש און ניי אָט די אַלטע ווערטער זיינען פאַר מיר געווען!

עס איז געווען אַ וואָך פאַר פּורים, און עס איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען די וואָך, אין יענע שטעטל.

ווען איך בין אַריינגעקומען צו קבלת שבת פרייטאָג צו נאַכט, האָב איך דאָרט געפונען אַ גאַנץ אַנדערן עולם. אויף דעם ערשטן אויגנבליק

הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, אַז אִיךְ הָאבּ פַּארְבְּלָאנְדְזְשֶׁעט אִין אַ אַנְדֶער קְלוֹיז אִין דֶעם הוֹיף. אָבֶּער דֶער גְרוֹיסֶער "מִשֶׁנִכְנַס" אוֹיף דֶער וַואנְט, מִיט דִי שׁוֹין בַּאקַאנְטֶע סוֹפֵר'יִשֶׁע אוֹתִיוֹת הָאבְּן מִיר דֶערְמַאנְט אַז אִיךְ בִּין אִין דֶעם רִיכְטִיגְן אָרְט. אִיךְ הָאבּ זִיךְ צוּגֶעקוּקְט צוּ דִי גֶעזִיכְטֶן פוּן דִי אִידְן אוּן הָאבּ דֶערְזֶען, אַז אֵייגְנְטְלִיךְ זַיינֶען דָאס טַאקֶע דִי זֶעלְבֶּע אִידְן פוּן אַ גַאנְצֶע וָואךְ. נָאר וָואס דֶען, לְכָבוֹד שַׁבָּת הָאבְּן זֵיי אָנְגֶעטְהוּן אַ נַייעֶם פָּנִים, צוּזַאמֶען מִיט דִי שַׁבָּת'דִיגֶע זְשׁוּפִּיצֶעס אוּן קַאפֶּעלוּשְׁן אוּן הִיטֶעלֶעךְ. דִי קְנֵייטְשְׁן אוֹיפְן פָּנִים הָאבְּן זִיךְ אוֹיסְגֶעגְלִיכְן, דִי זָארְג פוּן דִי אוֹיגְן אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן, דִי פְּלֵייצֶעס הָאבְּן זִיךְ אוֹיסְגֶעגְלַייכְט. פוּן אַלֶעמֶענְס גֶעזִיכְטֶער הָאט אַרוֹיסְגֶעשַׁיינְט דִי נְשָׁמָה יְתֵרָה, מִיט אַ אִינֶערְלִיכְן עוֹנֶג שַׁבָּת. דֶער בֵּית הַמִדְרָשׁ גוּפָא הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהְן שַׁבָּת'דִיג: אוֹיסְגֶעוַואשְׁן. דִי מַפָּה אוֹיפְן שֻׁלְחָן אוּמְגֶעבִּיטְן, אוֹיךְ דֶער פָּרוֹכֶת אוֹיפְן אָרוֹן הַקוֹדֶשׁ. קֵיין וואוּנְדֶער נִישְׁט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַז אִיךְ הָאבּ פַּארְבְּלָאנְדְזְשֶׁעט...

אוֹיף מָארְגְן, דָאס זֶעלְבֶּע לֶעבֶּעדִיגֶע בִּילְד.

אַלֶעס אין בֵּית הַמִדְרָשׁ הָאט גֶעלֶעבְּט. דָאס דַאוונֶען הָאט גֶעלֶעבְּט. עֶס אִיז גֶעוֶוען קְלָאר, דָאס יֶעדֶער אֵיינֶער, יונְג און אַלְט, הָאט גֶעשֶׁעפְּט אָן אַ שִׁיעוּר אִינֶערְלִיכֶע שִׂמְחָה און חִיוּת פון דַאוְונֶען און פון קְרִיאַת הַתּוֹרָה. דִי נְשָׁמָה יְתֵרָה הָאט גֶעזוּנְגֶען ״נִשְׁמַת כָּל חַי״.

נָאךְ קְרִיאַת הַתּוֹרָה הָאט זִיךְ אוֹיף עֶטְלִיכֶע מִינוּט אָנְגֶעהוֹיבְּן אַ לֶעבְּהַאפְטֶע דִינְגֶעניש וֶוער עֶס זָאל דַאוונֶען מוּסַף. חֲזָנִים זַיינֶען גֶעוֶוען פִיל, און יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט גֶעוָואלְט דַאוְונֶען, אָדֶער מְכַבֵּד גֶעוֶוען אַ צְוֵוייטְן. צְוֵויי חֵדֶר אִינְגְלַאךְ זַיינֶען גֶעזֶעסְן נֶעבְּן מִיר, און אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶערְגֶעהֶערְט זֵייעֶר גֶעשְׁפְּרֶעךְ:

— וֵוייסְטוּ וָואס פַּרְשַׁת זָכוֹר אִיז?

— גֶעוִויס וֵוייס אִיךְ...

— יָא, אָבֶּער אִיךְ מֵיין, הַיינְט פַאר אוּנְז...

— וָואס מֵיינְסְטוּ, הַיינְט, פַּאר אוּנְז?

— אִיךְ מֵיין, וֶוער אִיז דֶער הַיינְטִיגֶער

עֲמָלֵק?

— עֶס פֶּעלְט דֶען אוֹיס?...

— אִיךְ וֶועל דִיר זָאגְן: עֲמָלֵק אִיז אֲשֶׁר קָרְךָ
— וֶועלְכֶער הָאט דִיר אָפְּגֶעקִיהלְט... אַלֶע אוּן אַלֶעס וָואס קִיהלְט אָפּ אִידִישְׁקַייט אִיז עֲמָלֵק... פַּארְשְׁטֵייסְט?

אַ הִילְכִיגְן פַּאטְשׁ אוֹיפְן שֻׁלְחָן הָאט גֶעלָאזְט הֶערְן, אַז דִי פְרַאגֶע וֶועגְן אַ חַזָן אוֹיף מוּסַף אִיז גֶעלֵייזְט גֶעוָוארְן. בַּאלְד הָאט זִיךְ אוֹיךְ דֶערְהֶערְט אַ לֶעבֶּעדִיגֶער "יְקוּם פּוּרְקָן!"

*

תַּעֲנִית אֶסְתֵּר אִיז גֶעקוּמֶען אוּן אוֹיף אַלֶעמֶענְס גֶעזִיכְטֶער אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעגָאסְן דֶער תַּעֲנִית אוּן דִי אִיבֶּערְלֶעבּוּנְגֶען פוּן גָלוּת. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט ווִילְנְדִיג גֶעוָוארְפְן אַ אוֹיג אוֹיף מַיינֶע צְוֵויי יוּנְגֶע שְׁכֵנִים אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, אוּן ווִידֶער הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אַ גֶעלֶעגְנְהַייט אוּנְטֶערְצוּהֶערְן זֵייעֶר שְׁמוּעֶס.

— דו זעסט מיר גאָרנישט אויס אַזוי תּעניתדיג.

— אסתּר המלכּה און די אידן אין פּרס ומדי, האָבן נישט געהאַט אַט דאָס אויף דער וואַנט.

"אַט דאָס" האָט געמיינט די מודעה פון "משנכנס אדר".

— חכם איינער. מיר פאַסטן צוליב אסתּר המלכּה אָדער יענע אידן פון פּרס ומדי? מיר פאַסטן דאָך פאַר זיך...

אויפן טיש זיינען געווען דריי קערות. אויף איינע איז געווען אַ אויפשריפט "מחצית השקל", אויף דער צווייטער — "אַגרא־דתעניתא", אויף דער דריטער — "פּדיון תּענית".

מיינע יונגע שכנים האָבן זיך צוגעקוקט ווי די מתפללים זיינען מקיים די מצווה פון מחצית השקל. אין קעשענע האָבן זיי געהאַט אָנגעגרייט זייער אייגענעם "מחצית השקל", נאָר זיי האָבן געוואַרט ביז די עלטערע וועלן פערטיג ווערן.

װידער אַ שמועס.

— פאַרװאָס האָט עפּעס שמואל דער נגיד אַרײַנגעװאָרפן געלט אין דער קערה פון "פּדיון תּענית", דאָס איז דאָך פאַר די װעלכע קענען נישט פאַסטן?

— מסתּמא האָט ער געפרעגט אַ שאלה בײַם רב! װײסט דאָך, אַ נגיד האָט מן הסתּם צוקער...

— זײ האָבן זיך צוגעקוקט מיט גרויס אינטערעס װי מאָטע דער טרעגער גיט אַװעק דרײַ האַלבע זלאָטעס אויף מחצית השקל! דאָס איז דאָך בײַ איהם אַ גרויסער פאַרמעגן!... זעה, ער האָט אויך אַרײַנגעװאָרפן אין דער קערה פון "אַגרא דתּעניתא". װײסטו װאָס אַגרא דתּעניתא מײנט? דאָס איז דאָס געלד, װאָס מען שפּאָרט אָפּ פון נישט עסן אין דעם טאָג פון תּענית, כּדי מען זאָל פון דער מצוה נישט האָבן פּרנסה.

— קײן סאַך האָט מאָטע מסתּמא נישט אָפּגעשפּאָרט פון תּענית...

— אפשר איז מאָטע גאָר פון די ל"ו

צַדִיקִים ?...

פּוּרִים אִיז גֶעקוּמֶען מִיט אַ שְׁטוּרֶעם. אַלֶע לִיכְט הָאבְּן גֶעשַׁיינְט אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ. עֶס אִיז גֶעוֶוען יוֹם טוֹב׳דִיג. דִי קִינְדֶער הָאבְּן גֶעמַאכְט אַ גֶערוֹיש מִיט זֵייעֶרֶע גְרַאגֶערְס אוּן הָמָן קְלַאפֶּערְס, דָאס רוֹב אֵייגֶענֶע גֶעמַאכְטֶע. זֵיי הָאבְּן פַּארְגְלִיכְן דִי טֶענֶער פוּן זֵייעֶרֶע גְרַאגֶערְס, אוּן יֶעדֶער אֵיינֶער הָאט גֶעמֵיינְט, אַז מִיט זַיין גְרַאגֶער ״לֵייגְט עֶר הָמָן׳עַן אַוֶועק מִיט אֵיין קְלַאפּ!״.

מַיינֶע צְוֵויי יוּנְגֶע שְׁכֵנִים הָאבְּן אוֹיךְ גֶעהַאט הָמָן־גְרַאגֶערְס אָבֶּער זֵיי הָאבְּן זִיךְ שׁוֹין גֶעהַאלְטְן פַּאר אַבִּיסְל צוּ גְרוֹיסֶע דֶערְצוּ. הָאבְּן זֵיי מִיטְגֶעבְּרַאכְט זֵייעֶרֶע בְּרִידֶערְלַאךְ אוּן הָאבְּן זֵיי כְּסֵדֶר עֶרְמוּטִיגְט צוּ לָאזְן זִיךְ הֶערְן...

אִידְן הָאבְּן זִיךְ פוּנַאנְדֶערְגֶעטֵיילְט אִין גְרוּפֶּעס. מֶען הָאט זִיךְ פַּארְזַאמְלְט אַרוּם אַ גְלִיקְלִיכְן אִידְן, וֶועלְכֶער הָאט גֶעהַאט אַ כָּשֶׁרֶע — פַּארְמֶעטֶענֶע — מְגִילָה. צֶען אִידְן אַרוּם אֵיין מְגִילָה.

דער שַמָש האָט געגעבן אַ קְלַאפּ אין טיש און עס איז געוואָרן שַא־שְטיל. אידן האָבן זיך גענומען צוהערן צו דער מְגילָה מיט אַלע חושים. קינדער האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד...

"הָמָ־מ־מ־ן".

דער טְרַאך־טַא־רַא־רַאך איז אויסגעבראָכן ווי אַ דונער אין אַ העלן טאָג. אַלע קְלַאפּערגעצייג האָבן געאַרבעט מַעֲשים. אֲפילו די עלטערע האָבן אונטערגעטופּעט מיט די פיס. די ווענט האָבן זיך געטרייסלט. אומגעדולדיגע אידן האָבן אֲפילו גענומען פּראָטעסטירן — "נו, נו עֶנץ שְשש נו!, אָבער קיינער האָט זיך נישט געקימערט וועגן זיי און מען האָט הָמָן'ען דערלאַנגט אַ פּאַרציע ווי ער האָט כָשֵר פאַרדינט. און דער בַעַל קְריאָה האָט דערווייל געקענט אָפּציהען דעם אָטעם...

מַיינע יונגע שְכֵנים האָבן געהאַט אַביסל שְוועריקייט מיט זייערע בְרידערלאַך, וועלכע פּלעגן אַמאָל אַרויסכאַפּן זיך מיט אַ קְלַאפּערַיי פאַר דער צייט אָדער נאָך דער צייט, אָדער פּלעגן פּשוט נישט וועלן אויפהערן קְלַאפּן, נאָכדעם ווי

זַיי הָאבְּן בַּאקוּמֶען דֶעם סִיגְנַאל. אָבֶּער אַלֶע הָאבְּן גוּטְמוּטִיג גֶעשְׁמֵייכְלְט. מֶען הָאט אֲפִילוּ פַארְגֶעסְן דֶעם תַּעֲנִית; מֶען הָאט נִישְׁט גֶעאַיילְט...

דִי גְרֶעסְטֶע אִיבֶּערַאשׁוּנְג הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אוֹיף מָארְגְן, פּוּרִים, נָאךְ מִנְחָה. מַיינֶע יוּנְגֶע שְׁכֵנִים זַיינֶען גֶעוֶוען אִין אַ גְרוֹיסֶע נָאכְפְרַאגֶע צוּ דִינֶען אַלְס שַׁלַח מָנוֹת טְרֶעגֶער. זַיי הָאבְּן דֶערְבַּיי פַארְדִינְט אַ פָּאר גְרָאשְׁן אָדֶער אַ פָּאר גוּטֶע זַאכְן. הָאבְּן זַיי דֶערְוַוייל גֶעהַאט מִיט וָואס צוּ שִׁיקְן שַׁלַח מָנוֹת אֵיינֶער צוּם צְוֵוייטְן.

דִי אִיבֶּערַאשׁוּנְג אִיז גֶעקוּמֶען וֶוען זַיי זַיינֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ מִיר, אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן, אוּן אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן דֶעם צְוֵוייטְנְס שַׁלַח מָנוֹת צוּ מִיר.

אִיךְ בִּין זַייעֶר גֶערִירְט גֶעוָוארְן פוּן זֵייעֶר אוֹיפְמֶערְקְזַאמְקַייט אוּן פְרַיינְדְלִיכְקַייט.

— אִיהר זַייט דָאךְ אַ אוֹרֵחַ — הָאבְּן זַיי מִיר גֶעזָאגְט — דֶעם פּוּרִים קֶענֶען מִיר מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה פוּן שַׁלַח מָנוֹת אוֹיפְן בֶּעסְטְן אוֹפָן.

— לִיבֶּע קִינְדֶערְלַאךְ — הָאבּ אִיךְ צוּ זַיי

געזאָגט און זיי געדריקט צו זיך — מיט אַזעלכע טייערע אידישע קינדער ווי איהר, לאַכן מיר פון אַלע המן׳ס.

יענער פורים אין דער פרעמד איז שוין גאָר נישט געווען אין דער פרעמד.

# אַ מַאראַנְץ אִין גֶעטָא

דֶער וַוארְשֶׁעוֶוער גֶעטָא אִיז שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט גֶעוֶועןֶ דֶער זֶעלְבֶּער גֶעטָא וָואס פְרִיהֶער. פוּן אַ הַאלְבְּן מִילְיָאן אִידְן וָואס הָאבְּן גֶעוואוֹינְט און דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען דִי טוֹיעֶרְן פוּן דֶעם גְרוֹיסְן מוֹרָא׳דִיגְן גֶעטָא, אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ קְלֵיין הַייפְל, צוּבְּרָאכֶענֶע מֶענְטְשְׁן, אָפְּגֶערִיסֶענֶע פַאמִילְיֶעס, צוּשְׁנִיטֶענֶע גְלִידֶער וֶועלְכֶע הָאבְּן נִישְׁט גֶעלֶעבְּט נָאר זִיךְ גֶעפַּיינִיגְט מִיט יְסוּרִים.

און אָט אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער פּוּרִים אִין גֶעטָא. און פּוּרִים אִיז וִוי אַלֶעמָאל פּוּרִים. אִין דִי ״שַׁאפְּן״ (אַרְבֶּעט פְּלֶעצֶער) פוּן דֶעם דַייטְשְׁן שׁוּלְץ, דֶער דַאנְצִיגֶער דַייטְשֶׁער פַאבְּרִיקַאנְט, זַיינֶען פַארְגֶעסְן גֶעוָוארְן אַלֶע אוּמְגְלִיקְן און צָרוֹת.

רַבִּי אַלֶכְּסַנְדֶר זוּשֶׁע פְרִידְמַאן הָאט שׁוֹין גֶעוואוּסְט וִוי אַזוֹי צוּ אַיינְאָרְדְנֶען אִין יֶענֶעם פּוּרִים

די גרויסע מִצְוָה פון מַתָּנות לָאֶבְיונִים, ווי גֶעהֶעריג. עֶר הָאט אָנְגֶעפִיהרְט מִיט דֶער צְדָקָה קַאסֶע ״חֶסֶד לְאַבְרָהָם״ און עֶר הָאט אַזוי אויסְגֶעשְׁטֶעלְט, אַז אַלֶע אַרְבֶּעטֶער וָואס אַרְבֶּעטְן אִין די ״שַׁאפְּן״, אַיינְשְׁלִיסְנְדִיג די גְדולֵי הַתּורָה, די רַבָּנִים און רֶבִּיים וֶועלְכֶע זַיינֶען דָארְטְן פַארְבְּלִיבְּן און גֶעוֶוען פַארְשְׁטֶעלְט אַלְס אַרְבֶּעטֶער, זֵיי זָאלְן ווִיסְן און פִיהלְן אַז עֶס אִיז פּורִים. דָאס אַלֶעס אִיז גֶעוֶוען אִין אָרְדֶענוּנְג.

אָבֶּער דֶער פִּיַאסֶעטְשְׁנֶער רֶבִּי, דֶער צַדִיק און קָדוש רַבִּי קְלונִימוּס קַלְמָן שַׁפִּירָא זצ״ל, הָאט שְׁטַארְק אִיבֶּערַאשְׁט. גַאנְץ פְרִיה, נָאכְדֶעם וָואס מֶען הָאט גֶעעֶנְדִיגְט לֵייעֶנֶען די מְגִילָה, וֶועלְכֶע אִיז אַיינְגֶעאָרְדְנְט גֶעוָוארְן אִין עֶטְלִיכֶע אָפְּטֵיילוּנְגֶען און אִין עֶטְלִיכֶע שִׁיכְטְן, כְּדֵי צו בַּאהַאלְטְן דֶעם פּורִים פְרֵייד פון די דַייטְשֶׁע אויפְזֶעהֶער, הָאט דֶער צַדִיק זִיךְ גֶעאַיילְט און אויפְגֶעזוּכְט דֶעם הויפְּט דִירֶעקְטָאר פון די ״שַׁאפְּן״, רַבִּי אַבְרָהָם הֶענְדְל פון וַוארְשָׁא. וָואס אִיז? — עֶר הָאט זִיךְ גֶעאַיילְט צו מְקַיֵים זַיין די מִצְוָה פון מִשְׁלוֹחַ מָנות און ״מִצְוָה בּוֹ יוֹתֵר מִבִּשְׁלוּחוֹ״.

דֶער פִּיַאסֶעטְשְׁנֶער רֶבִּי הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען מִיט צִיטֶערְדִיגֶע הֶענְד פוּן אַ אֵיינְגֶעוִויקֶלְטְן פֶּעקְל אַ פְרִישֶׁער גַאנְצֶער מַאַרַאנְץ אוּן עֶס דֶערְלַאנְגְט פַאר רַבִּי אַבְרָהָם הֶענְדְל אַלְס מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת!

מֶען קֶען זִיךְ נִישְׁט פָארְשְׁטֶעלְן וָואס דָאס מֵיינְט אַ גַאנְצֶער גְלַאנְצִיגֶער מַאַרַאנְץ אִין דֶעם פִינְסְטֶערְן אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטְן אוּן בִּיז צוּם טוֹיט אוֹיסְגֶעהוּנְגֶערְטְן גֶעטָא. קֶען זִיךְ דֶען אֵיינֶער פָארְשְׁטֶעלְן וויפְל דֶער פִּיַאסֶעטְשְׁנֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ גֶעדַארְפְט מַאטֶערְן אוּן בַּאמִיהֶען בִּיז וַואנֶען עֶר הָאט גֶעקֶענְט בַּאקוּמֶען אַזַא זַאךְ. אַ גַאנְצֶער מַאַרַאנְץ אַדוּרְכְצוּלִיוָוערְן פוּן אִיבֶּער דִי גֶעטָא מוֹיעֶרְן? וויפְל גֶעפַארְן מֶען הָאט דוּרְכְגֶעמַאכְט צוּ קֶענֶען הָאבְּן אָט דֶעם מַאַרַאנְץ.

רַבִּי אַבְרָהָם הֶענְדְל הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן אִין אַ גֶעוֵויין. עֶר הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט בַּאהֶערְשְׁן פוּן גְרוֹיס גֶערִיהְרְטְקַייט וָואס דֶער צַדִיק הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעזָארְגְט עֶר זָאל אִיהם קֶענֶען מִיט עֶפֶּעס מְכַבֵּד זַיין! עֶס הָאט אִיהם וֵויי גֶעטְהוּן וָואס פוּן צְווִישְׁן אַלֶע רַבָּנִים אוּן צַדִיקִים וָואס זַיינֶען דָארְטְן

גְעוֶוען אִין "שַׁאפּ" הָאט עֶר נִישְׁט גֶעפוּנֶען קֵיין אַנְדֶערְן פַּאר וֶועמֶען צוּ שִׁיקְן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, בַּיי וֶועלְכְן עֶס שְׁטֵייט "אִישׁ לְרֵעֵהוּ", נָאר פַּאר אִיהם.

— יֶעדֶער מִצְוָה — הָאט דֶער צַדִיק זִיךְ פַּאר אִיהם פַּארְעֶנְטְפֶערְט — דַארְף זַיין מִן הַמוּבְחָר, אוּן אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעפוּנֶען קֵיין חָשׁוּבֶערֶע, אוּן בֶּעסֶערֶע זַאךְ מִיט וֶועלְכְן אִיךְ זָאל קֶענֶען מְקַיֵים זַיין דִי מִצְוָה פוּן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, דָא אִין גֶעטָא, אוֹיסֶער אָט דֶעם מַארַאנְץ...

פֶּערְטֶער קַאפִּיטְל: **מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים**

די סְעוּדָה אִיז פַאַרְשְׁוואוּנְדְן גְעוָואָרְן

פון פּורים אויף פֶּסַח

אַ רָאד וָואס דְרֵייט זִיךְ

אַ שׁוּתָּף אַרומְצוּגֵיין אִיבֶּער די הַייזֶער



אַ טאַץ פון מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת פון יאָהר תק״א

# דִי סְעוּדָה אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גְעוָוארְן

דִי שׁוּהל אִין בַּארְדִיטְשׁוּב אִיז גְעפַּאקְט. דָאס מְגִילָה לֵייעֶנְען פוּן בַּארְדִיטְשׁוּבֶער צַדִיק רַבִּי לֵוִי יִצְחָק זצ״ל הָאט גְעצוֹיגְן פִיהל מֶענְטְשְׁן אִין שׁוּהל. זַיין לֵייעֶנְען אִיז דוּרְכְגֶעדְרוּנְגֶען מִיט דִי פַּאסִירוּנְגֶען וֶועלְכֶע וֶוערְן דֶערְצֵיילְט אִין דִי מְגִילָה. סַיי דִי צָרוֹת אוּן סַיי נַאכֶער דִי יְשׁוּעָה וָואס וֶוערְט דֶערְצֵיילְט אִין דִי מְגִילָה, אִיז גְעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען אִין דִי נְעִימוֹת׳דִיגֶע שְׁטִימֶע פוּן דֶעם בַּארְדִיטְשׁוּבֶער.

אַלֶע הָאבְּן שׁוֹין גֶעוַוארְט אוֹיף אַ צֵייכְן פוּן צַדִיק צוּם גַבַּאי אַז מֶען זָאל זִיךְ שְׁטֶעלְן דַאוְונֶען מַעֲרִיב. אָבֶער דָא גֵייט צוּ דֶער גַבַּאי צוּם רֶבִּין אוּן בַּאלְד גֵייט עֶר אַרוֹיס פוּן שׁוּהל, צוּ אַלֶעמֶענְס וואוּנְדֶער.

אִין דְרוֹיסְן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ אִידֶענֶע מִיט אַ

הון אין האנד און געבעטן פיהל אנטשולדיקונג וואס זי איז יעצט מטריח דעם רב, אבער איהר מאן איז זייער קראנק און דער דאקטער זאגט אז ער מוז זיך "פלעגן" צוליב זיין שוואכקייט. אלזא האט זי איהם צוגעגרייט א הון. האט זיך דוקא געמאכט א "שאלה" און זי וויל דער רב זאל איהר זאגן וואס איז דער דין. דער רב באטראכט די הון און א קלער געטהון. נאכער האט ער געזאגט: נישט כשר.

די אידענע לאזט נישט אפ. זי נעמט טענה'ען מיטן רב אז איהר מאן איז זייער שוואך און דערצו זיינען זיי גרויסע ארימע לייט, זיי האבן זיך דאס מאל זייער אנגעשטריינגט ביז זי האט שוין געקענט קויפן די הון וואס וועט איהם אפשר אומקערן צו די כוחות, אויך די צודארטע קינדערלאך וועלן זיך מחיה זיין מיט א ביסל הינערשע זופ. וואס זאל זי יעצט טהון צו די צרה. די זוכט צו ערוועקן רחמנות ביים רב, אפשר וועט ער געפינען עפעס א היתר אויף די שאלה.

האט איהר ווידער דער רב געזאגט אז די הון איז נישט כשר און מען טאר עס נישט עסן און

הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ וֶועט הֶעלְפְן און גֶעבְּן פון אַנְדֶערֶע עֶרְטֶער.

דֶער רָב הָאט אִיהר גֶעפְרֶעגְט אִיהר נָאמֶען און וואו זִי וואוינְט און נַאכֶער אִיהר בַּאפוילְן זִי זָאל שׁוין גֵיין אִין דִי וַוייבֶּער שׁוהל הֶערְן קְרִיאַת הַמְגִילָה.

מִיט אַ שְׁוֶוערְן גֶעמִיט אִיז דִי גֶעגַאנְגֶען אִין וַוייבֶּער שׁוּהל, טְרַאכְטְנְדִיג אויפְן שְׁוֶוערְן צוּשְׁטַאנְד פון אִיהר שְׁוַואכְן מַאן.

אָבֶּער דֶער בַּארְדִיטְשׁוּבֶער אִיז נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּהל. עֶר אִיז מִיט שְׁנֶעלֶע טְרִיט אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען, גֶענוּמֶען אַ חַלָה, אַ טֶעפְּל מִיט פִישׁ, אַ טֶעפְּל מִיט אַ גֶעבְּרָאטְן הוּן מִיט נָאךְ גוּטֶע פּוּרִים זַאכְן וָואס דִי רֶעבֶּעצְן הָאט צוּגֶעגְרֵייט לְכָבוֹד פּוּרִים. עֶר הָאט אַלֶעס גוּט אַיינְגֶעפַּאקְט און גֶענוּמֶען גֵיין צוּם רִיכְטוּנְג וואו דִי אִידֶענֶע הָאט אִיהם גֶעזָאגְט.

מִיט אַ פְרֵיילַאכְן "גוּט פּוּרִים" אִיז דֶער בַּארְדִיטְשׁוּבֶער אַרַיין אִין יֶענֶע שְׁטוּב וואו דֶער

חולֶה איז גֶעלֶעגְן. קֵיינֶער איז דָארְטְן נִישְׁט גֶעוֶוען. אַלֶע זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען אין שׁוּהל צוּ הֶערְן די מְגִילָה. אין שְׁטוּב איז טַאקֶע קֵיינֶער נִישְׁטָא אוֹיסֶער דֶער קְרַאנְקֶער שְׁוַואכֶער מַאן.

— וָואס איז דָאס? — פְרֶעגְט דֶער קְרַאנְקֶער פון בֶעט, דֶערְזֶעהֶענְדיג פְּלוּצִים דֶעם רָב עֶרְשַׁיינֶען אין שְׁטוּב מִיט אַ פֶּעקְל, הַאלְטְנְדִיג דָאס זֵייעֶר פָּארְזִיכְטִיג.

— עֶסְט און טְרִינְקְט און זָאל אַייךְ זַיין צוּ גֶעזוּנְד — הָאט אִיהם דֶער בַּארְדִיטְשׁוּבֶער רָב גֶעזָאגְט און אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט דֶעם "מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת" אוֹיפְן טִישׁ. עֶר הָאט פַארְלָאזְט די שְׁטוּב מִיט גִיכֶע טְרִיט און גֶעגַאנְגֶען צוּרִיק אין שׁוּהל אַרַיין.

אין שׁוּהל איז שׁוֹין דֶער עוֹלָם גֶעזֶעסְן אוּמְגֶעדוּלְדִיג. הַיינְט הָאט מֶען דָאךְ גֶעפַאסְט און מֶען הָאט נִישְׁט קֵיין כֹּחַ אַזוֹי פִיהל צוּ וַוארְטְן, אָבֶער קֵיינֶער וֵוייסְט נִישְׁט וָואס צוּ זָאגְן, וואוּ איז דֶער צַדִיק יֶעצְט גֶעגַאנְגֶען, וֶוען וֶועט עֶר קוּמֶען? און אֶפְשֶׁר איז עֶפֶּעס גֶעשֶׁעהְן מִיט אִיהם?

עֶס הָאט אָבֶער נִישְׁט גֶענוּמֶען פִיהל צַייט צוּ קְלֶערְן, וַוייל דָא פְּלוּצִים עֶרְשַׁיינְט דֶער בַּארְדִיטְשׁוּבֶער רָב אוּן גִיט דֶעם גַבַּאי אַ צֵייכְן. דֶער בַּעַל תְּפִילָה אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם עָמוּד אוּן אָנְגֶעהוֹיבְּן דַאוְונֶען מַעֲרִיב.

דִי קְרִיאַת הַמְגִילָה דָאס יָאהר אִיז גֶעוֶוען פְלַאם פַייעֶרְדִיג. דֶעם רֶבִּינְס פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט מִיט אַ הֵיילִיגֶע לִיכְט. וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ דִי וֶוערְטֶער "וּמִשְׁלוֹחַ מָנוֹת אִישׁ לְרֵעֵהוּ וּמַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים" הָאט מֶען גֶעשְׁפִּירְט וִוי דוּרְכְגֶעדְרוּנְגֶען עֶר אִיז מִיט לִיבְּשַׁאפְט, מִיטְלַייד אוּן רַחְמָנוּת צוּ יֶעדְן אִידִישֶׁע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ.

נָאךְ דִי מְגִילָה אִיז דֶער עוֹלָם זִיךְ צוּגַאנְגֶען אִין דֶער הֵיים. דִי בַּארְדִיטְשׁוּבֶער רֶעבֶּעצְן ווִיל זִיךְ נֶעמֶען גְרֵייטְן צוּם טִישׁ, אוּן זִי וֶוערְט אִיבֶּערְרַאשְׁט. וואוּ אִיז דִי פִּישׁ, וואוּ אִיז דִי עוֹף, אוּן נָאךְ גוּטֶע זַאכְן פֶעהלְן דָא. וָואס אִיז דָא גֶעשֶׁעהן? וֶוען זִי הָאט בַּאמֶערְקְט וִוי אוֹיפְן רָב׳ס גֶעזִיכְט אִיז אוֹיסְגֶעגָאסְן אַ אִינֶערְלִיכֶע פְרֵייד, הָאט זִי שׁוֹין תּוֹפֵס גֶעוֶוען וָואס דָא אִיז מִסְתָּמָא גֶעשֶׁעהן. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִי זִיךְ שׁוֹין אַ עֵצָה גֶעגֶעבְן

און ווי עס איז געפּראַוועט פון די שׂירַיִם אַ סְעוּדָה׳לֶע לְכָבוֹד פּוּרִים.

וֶוען די מַעֲשֶׂה איז אַרוֹיס אין גַאס, הָאבְּן שׁוֹין אַלֶע שׁוּהל-אִידְן פֶערְשְׁטַאנֶען פַּארְוָואס דֶער רָב הָאט בַּיי נַאכְט פַּארְשְׁפֶּעטִיגְט פַּאר קְרִיאַת הַמְגִילָה און פַּארְוָואס עֶר איז עֶפֶּעס גֶעוֶוען אַזוֹי פְרֵייְלַאךְ בַּיים לֵייעֶנֶען די מְגִילָה. אוֹיף מָארְגְן הָאבְּן די בַּעֲלֵי בַּתִּים גֶעשִׁיקְט שֵׁיינֶע מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת׳ן צוּם רָב און שֵׁיינֶע מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים צוּ די אָרִימֶע אִידֶענֶע און אִיהר שְׁוַואכְן מַאן.

עֶס איז גֶעוֶוען אַ פְרֵייְלַאכֶער פּוּרִים אִין בַּארְדִיטְשׁוּב.

# פון פּוּרִים אוֹיף פֶּסַח

וֶוען אִין ווילְנָא איז גֶעוֶועזן דֶער רָב דֶער גָאוֹן און צַדִיק רַבִּי מֹשֶׁה קְרֶעמֶער זצ״ל, הָאט עֶר זֵייעֶר מַקְפִּיד גֶעוֶוען נִישְׁט צוּ נֶעמֶען קֵיין גֶעהַאלְט פון די קְהִלָּה, און צוּלִיב פַּרְנָסָה הָאט עֶר גֶעעֶפֶנְט אַ קְרָאם וואו זַיין פְרוֹי די רֶעבֶּעצְן פְלֶעגְט פֶערְקוֹיפְן זַאלְץ און נָאךְ עֶסְנְוַוארְג. דֶערְמִיט הָאט זִי גֶעהַאט פַּרְנָסָה פַאר דֶעם מַאן מִיט די קִינְדֶער.

הָאבְּן אָבֶער די ווילְנֶער אידְן נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְטְרָאגְן דָאס דֶער רָב זָאל אַזוֹי לֶעבְּן בְּדַחְקוּת, און מוֹרָא הָאבְּנְדִיג זֵיי זָאלְן דֶערְפַאר נִישְׁט בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן פון הִימְל, צוּלִיב זֵייעֶר זִלְזוּל אִין כְּבוֹד הַתּוֹרָה, הָאבְּן זֵיי דֶערִיבֶּער בַּאשְׁטִימְט צוּ קוֹיפְן וָואס מֶער בַּיי די רֶעבֶּעצְן אִין קְרָאם און דוּרְךְ דֶעם מְהַנֶה זַיין דֶעם רָב.

וֶוען דֶער גָאוֹן רַבִּי מֹשֶׁה קְרֶעמֶער הָאט זִיךְ

פון דעם דערוואוסט, האט ער געהייסן די רעבעצן זי זאל נישט האלטן אפן די קראם נאר איין טאג אין וואך, ער וויל נישט אז זיין קראם זאל זיין א מכשול פאר אנדערע קראמען, מען זאל אויפהערן צו קויפן ביי די אנדערע קלייטניקעס. אבער דאס האט אויך נישט געהאלפן, ווייל אין דעם איינציגן טאג וואס דעם רב'ס קראם איז געווען אפן, איז געווען א לייזונג מער וויפל אנדערע קרעמער לייזן א גאנצע וואך. יעצט האט שוין דער רב נישט געפונען קיין עצה און אנגעזאגט די רעבעצן אז די קראם זאל זיין אפן נאר זונטאג בייטאג, און אויב די וועט זעהן אז זי האט שוין פארדונען וויפל מען דארף האבן פאר א גאנצע וואך, זאל זי באלד צומאכן די קראם. מען טאר נישט משיג גבול זיין די אנדערע קרעמער, און ער וויל נישט רייך ווערן אויפן רעכענונג פון אנדערע, וועלכע דארפן פיהל וויכטיגער פאר איהם אויף פרנסה.

יעצט האבן שוין די ווילנער אידן נישט געהאט קיין שום עצה ווי אזוי צו שטיצן דעם רב, האבן זיי איהם פרובירט אויפוויזן אז עס איז דערין גאר קיין איסור נישטא, אפילו נישט קיין

חֲשַׁשׁ אִיסוּר, אָבֶּער דֶער גָאוֹן אוּן צַדִיק רַבִּי מֹשֶׁה קְרֶעמֶער הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט אִין קוּרְצְן: — עֶר ווִיל נִישְׁט הֲנָאָה הָאבְּן פוּן זַיין תּוֹרָה, אוּן דֶערְפוּן מַאכְן אַ פַּרְנָסָה.

דִי ווִילְנֶער אִידְן הָאבְּן אָבֶּער נִישְׁט גֶערוּהט. זֵיי הָאבְּן גֶעהַאט גְרוֹיס צַעַר דֶערְפוּן פַארְוָואס זֵייעֶר רָב ווִיל פוּן זֵיי נִישְׁט קֵיין הֲנָאָה בֶּעקוּמֶען, אוּן זִיךְ מִצְטַעֵר גֶעוֶועןְ פוּן דֶער גְרוֹיסֶער דַחְקוּת וָואס הֶערְשְׁט בַּיים רָב אִין שְׁטוּב. אוּן דָא אִיז זֵיי אַיינְגֶעפַאלְן אַ גוּטֶע הַמְצָאָה. אַזוֹי ווִי עֶס גֵייט בַּאלְד צוּ פּוּרִים אוּן דַאן קֶען מֶען מְהַנֶה זַיין דֶעם רָב דוּרְךְ שִׁיקְן מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, דָאס אִיז דָאךְ שׁוֹין אַ מִצְוָה וָואס דֶער רָב וֶועט זִיךְ דֶערְפוּן נִישְׁט עֶנְטְזַאגְן.

אוּן אַזוֹי הָאבְּן טַאקֶע דִי ווִילְנֶער אִידְן גֶעטְהוּן. ווִי נָאר עֶס הָאט פּוּרִים אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ טָאגְן, אַזוֹי הָאבְּן גֶענוּמֶען שְׁטְרָאמֶען צוּם רִיכְטוּנְג פוּן רָב'ס הוֹיז אָן אַ שִׁיעוּר מֶענְטְשְׁן מִיט גְרוֹיסֶע מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת'ן, עֶס אִיז דָארְט גֶעוֶועןְ מִכָּל טוּב.

וֶוען דֶער גָאוֹן רַבִּי מֹשֶׁה זצ"ל הָאט גֶעזֶעהן

אַז צו דֶעם מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת נֶעמְט קֵיין קְרֶעג נִישְׁט, און עֶס שְׁטְרָאמְט נָאכַאנַאנְד ווי אַ כְוַואלְיֶע, הָאט עֶר בַּאלְד גֶעהֵייסְן זַיין שַׁמֶשׁ גֵיין און אויסְרוּפְן אִין שְׁטָאט, אַז אַלֶע אָרִימֶע לַייט, יְתוֹמִים און אַלְמָנוֹת, די פְּרוּשִׁים פון די קְלוֹיזְן, אַלֶע וֶוערְן גֶעלַאדְנְט צום רָב אויף סְעוּדַת פּוּרִים.

וואו אַ אָרִימַאן, וואו אַ צוּבְּרָאכֶענֶער אִיד, וואו אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער, אַלֶע הָאבְּן דַאן גֶעגֶעסְן די פּוּרִים סְעוּדָה בַּיים רָב. עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין אָרְט אִין הויז הָאט מֶען גֶעשְׁטֶעלְט טִישְׁן אִין דְרוֹיסְן, און דֶער עוֹלָם אִיז גֶעזֶעסְן און זִיךְ גֶעקְוִויקְט די הֶערְצֶער מִיט די גוּטֶע מַאֲכָלִים, און די בֶּעסְטֶע גֶעטְרַאנְקֶען וָואס זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אויפְן טִישׁ. דֶער רָב הָאט גֶעזָאגְט תּוֹרָה און וִוידֶער הָאט מֶען גֶעגֶעסְן, דֶערְנָאךְ הָאט מֶען גֶעזוּנְגֶען מִיט אֱמֶתֶע שִׂמְחָה. עֶס אִיז גֶעוֶוען "שׁוֹשַׁנַּת יַעֲקֹב צָהֲלָה וְשָׂמֵחָה".

וֶוען דֶער עוֹלָם אִיז אַרַיין אִין עֶקְסְטַאז, און דָאס הִתְלַהֲבוּת אִיז גֶעוָוארְן זֵייעֶר גְרוֹיס, הָאט דֶער רָב גֶעשִׁיקְט זַיין שַׁמֶשׁ אַיינְלַאדֶענֶען צו די סְעוּדָה די אַלֶע נִכְבָּדִים פון ווִילְנָא.

בּיז אַ קורצע צייט זיינען שוין געזעסן בּיי די פוהל געגרייטע טישן אויף דער "פּני" פון ווילנא צוזאמען מיט די אָרימע לייט, די נידריגע שיכטן פון שטאט. די שמחה וואס האט געהערשט צווישן די אנוועזנדע האט אויף בּאנומען די נייע געסט, און זיי מיטגעשלעפּט אין דער התלהבות. די גבירים האבּן געשיקט בּריינגען נאך משקאות אויף זייער רעכענונג, און עס האט זיך געשפּירט אַ אמתע בּרידערשאפט צווישן די אַלע אנוועזנדע. מען האט נישט געקענט דערקענען קיין אונטערשייד צווישן אָרימאן און גביר, מען האט געזען בּחוש דעם "כּאיש אחד בּלב אחד", אַזוי ווי בּיי מתּן תּורה.

דאן ווען די שמחה האט דערגרייכט צו אַ הויכן פונקט, האט זיך דער גאון רבּי משה קרעמער זצ"ל אויפגעשטעלט און אויסגערופן:

— טייערע אידן, ליבּע בּרידער, קינדער פון אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב. בּיז יעצט האבּ איך אייך מכבּד געווען מיט משלוח מנות, יעצט וויל איך איהר זאלט שיקן משלוח מנות צו אייערע אָרימע בּרידער, אַט די אַלע אידישע נפשות וואס געפינען

זיך דָא און פְרֵייעֶן זיך צוּזַאמֶען מִיט אַייךְ, און אויף פַאר די וָואס זַיינֶען נִישְׁט גֶעקוּמֶען אַהֶער. אָט דֶערְנֶענְטֶערְט זיך דֶער הֵיילִיגֶער יום טוב פֶּסַח, און זֵיי הָאבְּן נִישְׁט אִין שְׁטוּב אֲפִילוּ די וִויכְטִיגֶע פְּרָאדוּקְטְן אויף יום טוב, ווי לְמָשָׁל וַויין אויף אַרְבַּע כּוֹסוֹת, אַ בִּיסְל בּוּימְל אויף כְרֶעמְזְלַאךְ, בּוּרִיקֶעס אויף בָּארְשְׁט און סְתָּם יְרָקוֹת אָפְּצוּקָאכְן אַ בִּיסְל זוּפּ — אִיז דֶערִיבֶּער מַיין פָּארְשְׁלַאג, אַז מִיר אַלֶע זָאלְן נֶעמֶען אויף זיך "אָפְּצוּ'מַעֲשֵׂר'ן" די דֶערְמַאנְטֶע פְּרָאדוּקְטְן וָואס מִיר קוֹיפְן אַיין לְכָבוֹד פֶּסַח, און דָאס אַלֶעס אִיבֶּערְגֶעבְּן פַאר צְוֵויי גַבָּאִים וָואס מִיר וֶועלְן אוֹיסְקְלַייבְּן, וֶועלְכֶע וֶועלְן דָאס אוֹיסְטֵיילְן צְווִישְׁן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער די אָרִימֶע לַייט.

דֶער עוֹלָם, זַייעֶנְדִיג גוּט גֶעשְׁטִימְט, הָאט דֶעם רָבִ'ס הִתְעוֹרְרוּת וֶוערְטֶער אָנְגֶעטְרָאפְן אוֹיפְן רִיכְטִיגְן פִּינְטְל, און אַלֶע הָאבְּן זיך גְלַייךְ גֶע'חַתְמְ'עט צוּ טְהוּן אַזוֹי ווִי דֶעם רָבִ'ס פָארְשְׁלַאג אִיז גֶעוֶוען.

די שִׂמְחָה צְווִישְׁן די פַארְזַאמְלְטֶע אִיז נָאךְ מֶער גֶעשְׁטִיגְן און דֶער עוֹלָם אִיז אַרוֹיס מִיט אַ

פְרֵיילִיכְן טַאנְץ, הֶענְד צוּ הֶענְד גֶעשְׁלָאסְן, פִּיס הָאבְּן זִיךְ גֶעהוֹיבְּן אוּן עֶס הָאט זִיךְ פוּנַאנְדֶערְגֶעוִויקְלְט אַלֶע גְרֶענִיצְן פוּן אַלְט אוּן יוּנְג, רַייךְ אוּן אָרִים.

אוּן דֶער רָב, דֶער גָאוֹן, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעשְׁפַּארְט מִיט זַיינֶע הֶענְד אוֹיפְן בֵּיינְקְל אוּן זַיין גֶעזִיכְט הָאט גֶעשַׁיינְט, זַיינֶע לִיפְּן הָאבְּן גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט שְׁטִיל:

— זֶעה, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וָואס פַאר אַ טַייעֶר פָאלְק דוּ הָאסְט, "מִי כְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל גוֹי אֶחָד בָּאָרֶץ".

# אַ ראָד וואָס דרייט זיך

אין אַ שטעטל האָט אַמאָל געלעבט אַ יונגע פּאָר־פּאָלק, דער יונגערמאַן האָט ביז צו דער חתונה געלערנט אין אַ ישיבה, און אויך נאָך דער חתונה האָט ער זיך געזעצט לערנען אַ געוויסע צייט. דאַן האָט ער גענומען טראַכטן וועגן פּרנסה. האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען מיטן נדן, וואָס די פרוי האָט איהם אַריינגעבראַכט, און ער האָט שטאַרק מצליח געווען, ביז ער איז געוואָרן אַ רייכער מאַן. דער אויפגעקומענער גביר האָט זיך אַלץ מער אַריינגעוואָרפן אין זיינע געשעפטן און איז געוואָרן אַלץ מער פאַרקאָכט אין פאַרדינען וואָס מער געלד.

די אָרימקייט אין שטעטל איז געווען גרויס, און דערצו פלעגן אָפט קומען בעטלער און קלאַפּן אין טהיר, בעטן אַ נדבה אָדער עפּעס צו עסן. די

יונגע בַּעל הַבַּית׳טֶע איז גֶעוֶוען אַ גוט הַארְצִיגֶע פְרוֹי און הָאט קֵיין בֶּעטְלֶער אָדֶער אָרִימַאן, נִישְׁט אַנְטְזַאגְט, אָבֶּער דֶער מַאן אִיהרֶער איז גֶעוֶוען אַ קַמְצָן, אַ קַארְגֶער, און וָואס רַייכֶער עֶר אִיז גֶעוָוארְן, אַלְץ קַארְגֶער איז עֶר גֶעוָוארְן. בִּיז עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט זַיין וַוייבּ, אַז זִי זָאל מֶער קֵיין בֶּעטְלֶער נִישְׁט אַרַיינְלָאזְן אִין שְׁטוּבּ.

*

פון אַלֶע יָמִים טוֹבִים איז פַּאר דֶעם גְבִיר פּוּרִים גֶעוֶוען דֶער שְׁוֶוערְסְטֶער, פּוּרִים אִיז דָאךְ אַ יוֹם־טוֹב וֶוען מֶען דַארְף שִׁיקְן מִשְׁלוֹחַ־מָנוֹת און גֶעבְּן מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים, און דָאס אִיז אִיהם גֶעוֶוען גָאר נִישְׁט צוּם הַארְצְן. קֵיינֶער הָאט דֶעם גְבִיר נִישְׁט גֶעשִׁיקְט קֵיין מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, וַוייל מֶען הָאט אִיהם אִין שְׁטֶעטְל נִישְׁט לִיבּ גֶעהַאט, און עֶר הָאט נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין אֵיין־אֵיינְצִיגְן גוּטְן פְרַיינְד, וֶועמֶען צו שִׁיקְן מִשְׁלוֹחַ־מָנוֹת. הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט ״מִשְׁלוֹחַ־מָנוֹת״ זַיין וַוייבּ — אַ הָמָן־טַאשׁ און אַ פַייג אויף אַ טֶעלֶער, מֵיינֶענְדִיג אַז דֶערְמִיט אִיז עֶר שׁוֹין יוֹצֵא מִשְׁלוֹחַ־מָנוֹת, און עֶר הָאט יוֹצֵא גֶעוֶוען מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים מִיט אַ פָּאר פְּרוּטוֹת פַאר דִי

אָרימֶע לַייט אין בֵּית מִדְרָשׁ, וֶוען עֶר איז גֶעקוּמֶען הֶערְן די מְגִילָה.

וֶוען עֶר הָאט זיך גֶעזֶעצְט צוּ דֶער פַּיינֶער פּוּרִים־סְעוּדָה, הָאט מֶען גֶענוּמֶען שְׁטַארְק קְלַאפְּן אין טְהִיר. דֶער גְבִיר הָאט זיך גֶע׳חִידוּשׁ׳ט, וַוייל עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ לַאנְגֶע צַייט זִינְט אֵיימִיצֶער הָאט גֶעקְלַאפְּט אִין זַיין טְהִיר. עֶר הָאט גֶעשִׁיקְט דָאס וַוייבּ זֶעהְן וֶוער עֶס קְלַאפְּט, אוּן עֶר הָאט דֶערְהֶערְט פְּרֵייליכֶע אוֹיסְרוּפְן:

— אַ גוּט פּוּרִים! אַ גוּט פּוּרִים! הַיינְט אִיז פּוּרִים מָארְגְן אִיז אוֹיס, גִיט אוּנְז אַ נְדָבָה אוּן מִיר גֵייעֶן אַרוֹיס!

דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען די ״פּוּרִים־שְׁפִּילֶער״, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען פוּן הוֹיז צוּ הוֹיז צוּ קְלַייבְּן נְדָבוֹת פַאר ״מָעוֹת חִטִים״, אוֹיף מַצָה אוּן וַויין פַאר די אָרִימֶעלַייט פוּן שְׁטֶעטְל, ווי עֶס אִיז גֶעוֶוען דֶער שְׁטֵייגֶער אין יֶענֶע צַייטְן, וַוייל פוּן פּוּרִים בִּיז פֶּסַח אִיז דָאךְ אִינְגַאנְצְן פִּיר וָואכְן, אוּן די נוֹיט אִיז גֶעוֶוען גְרוֹיס. פְלֶעגְן זיך יְשִׁיבָה בַּחוּרִים אוּן יוּנְגֶע לַייט פַארְשְׁטֶעלְן פַאר פּוּרִים

שְׁפִּילֶער און קְלַייבְּן נְדָבוֹת פַאר אָרִימֶעלַייט, און קֵיינֶער פְלֶעגְט זִיךְ נִישְׁט אַנְטְזַאגְן פון אַזַא גְרוֹיסֶע מִצְוָה.

אָבֶער וֶוען דָאס וַוייבּ אִיז אַרַיין צוּ אִיהר מַאן בֶּעטְן אַ נְדָבָה פַאר דִי פּוּרִים שְׁפִּילֶער, הָאט דֶער מַאן אִיהר גֶעהֵייסְן זַיי אָוֶועקְשִׁיקְן מִיט לֵיידִיגֶע הֶענְט. מִיט אַ שְׁטַארְקְן פַארְשֶׁעמְטְן פָּנִים הָאט דָאס וַוייבּ נֶעבַּאךְ גֶעמוּזְט פַארְמַאכְן דִי טְהִיר, אִיבֶּערְלָאזְנְדִיג דִי פּוּרִים שְׁפִּילֶער אִין דְרוֹיסְן.

*

בַּאלְד אוֹיף מָארְגְן, וֶוען דֶער גְבִיר הָאט זִיךְ צוּרִיקְגֶעקֶערְט צוּ זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטְן, הָאט עֶר גֶעלִיטְן אַ גְרוֹיסְן פַארְלוּסְט, און פון דַאן אָן זַיינֶען דִי גֶעשֶׁעפְטְן גֶעגַאנְגֶען בַּארְג אַרָאפּ. צוּ וָואס עֶר הָאט זִיךְ נָאר גֶענוּמֶען, אִיז גֶעוֶוען אַ דוּרְכְפַאל און שָׁאדְן. עֶס הָאט לַאנְג נִישְׁט גֶעדוֹיעֶרְט. בִּיז דֶער אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶער גְבִיר אִיז גֶעוָוארְן אַ יוֹרֵד, אַ אָרִימַאן, אַ אֶבְיוֹן. צוּבִּיסְלַאךְ הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַלְץ אוֹיסְפַארְקוֹיפְן פון הוֹיז, אַפִילוּ זַיין וַוייבּ׳ס צִירוּנְג.

אִין אַ גֶעוִויסְן טָאג הָאט עֶר גֶעזָאגְט זַיין

וַוייבּ, אַז ער איז שוין געבּליבּן אָן אַ פּרוטה, און ער האָט קיין אַנדער עצה נישט ווי צו גיין בּעטלען נדבות. ער האָט איהר געגעבּן די בּרירה: אָדער זי זאָל גיין איבּער די הייזער מיט אַ טאָרבּע, ווי ער, אָדער זי זאָל איהם מוחל זיין די כּתובּה און נעמען אַ גט.

די פרוי, וועלכע האָט שוין לאַנג נישט געקענט פאַרטראָגן איהר מאַנס אויפפירונג און בּעיקר זיין קאַרגשאַפט, האָט בּאַשלאָסן צו נעמען אַ גט.

*

מיט דער צייט האָט די יונגע גרושה חתונה געהאַט מיט אַ יונגן אַלמן. אַ איידעלער יונגערמאַן און אַ גאַנץ פאַרמעגליכער. זיי האָבּן געפירט אַ גליקליכן לעבּן. זיי האָבּן געלעבּט אין אַ דערבּייאיגן שטעטל און האָבּן געהאַט אַ גוטן נאָמען. דער מאַן האָט איהר נישט געשטערט צו מקרב זיין די אָרימעלייט און פראַווען הכנסת אורחים; פאַרקערט, ער האָט זי דערמוטיגט אין דעם און האָט בּיי יעדער געלעגנהייט געגעבּן

צְדָקָה מִיט אַ אָפֶענֶער הַאנְט. דָאס וַוייבּ הָאט וַוייזְט אוֹיס, גֶעבְּרַאכְט מַזָל אִין הוֹיז. דֶער מַאן הָאט מַצְלִיחַ גֶעוֶועזְן אִין זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטְן, אוּן זֵיי זַיינֶען אוֹיךְ גֶעבֶּענְטְשְׁט גֶעוָוארְן מִיט פַיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ, אַ אִינְגֶעלֶע אוּן אַ מֵיידֶעלֶע. עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ לִיכְטִיגֶע, פְרֵיילִיכֶע אוּן גְלִיקְלִיכֶע אִידִישֶׁע הֵיים, אוֹיף אַלֶע אִידְן גֶעזָאגְט גֶעוָוארְן נִישְׁט עֶרְגֶער.

אוּן אָט אִיז גֶעקוּמֶען דֶער פְרֵיילַאכֶער יוֹם־טוֹב פּוּרִים, אוּן מַאן אוּן וַוייבּ אוּן קִינְדֶערְלַאךְ זַיינֶען גֶעזֶעסְן בַּיי דֶער פּוּרִים סְעוּדָה. עֶס הָאט זִיךְ דֶערְהֶערְט אַ קְלַאפּ אִין טְהִיר, אוּן דָאס וַוייבּ אִיז גֶעגַאנְגֶען עֶפֶענֶען דִי טְהִיר. בַּיי דֶער טְהִיר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ בֶּעטְלֶער, אַ פַארְהוּנְגֶערְטֶער, אַ נֶעבַּאכְדִיגֶער. זִי הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעפִירְט אִין שְׁטוּבּ, אוּן דֶער מַאן הָאט אִיהם גֶעבֶּעטְן זִיךְ וַואשְׁן אוּן זִיךְ זֶעצְן צוּם טִישׁ צוּ דֶער סְעוּדָה.

דֶער בֶּעטְלֶער הָאט זִיךְ מְחַיֶה גֶעוֶוען מִיט דִי מַשְׁקֶה וָואס דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אִיהם מְכַבֵּד גֶעוֶוען. עֶר הָאט שׁוֹין לַאנְג אַזַא סְעוּדָה נִישְׁט גֶעהַאט, מִיט פִישׁ, עוֹף, צִימֶעס אוּן אַלֶערְלֵיי

מַטְעַמִים. טְרֶערְן הָאבְּן זִיךְ אִיהם גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִי אוֹיגְן; צוּ דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען טְרֶערְן פוּן דַאנְקְבַּארְקַייט, אָדֶער פוּן דֶערְמַאנֶען זִיךְ זַיין בִּיטֶערֶע לַאגֶע — וָואס הָאט קֵיינֶער אוֹיסֶער אִיהם נִישְׁט גֶעווּאוּסְט, אָבֶּער אַלֶע אַרוּם דֶעם טִישׁ הָאבְּן זִיךְ בַּאמִיהט אִיהם פְרֵיילִיכֶער צוּ מַאכְן.

*

לַאנְג נָאכְדֶעם וָואס דֶער אָרִימַאן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, אַ אָנְגֶעזֶעטִיגְטֶער אוּן אַ דֶערְמוּטִיגְטֶער, זַיינֶען נָאךְ מַאן אוּן וַוייבּ גֶעזֶעסְן בַּיים טִישׁ, אוּן זֵיי הָאבְּן מִיט גֶעפִיהל גֶעשְׁמוּעֶסְט וֶועגְן זֵייעֶרְן אָרִימֶען אוֹרַח, נֶעבַּאךְ.

— וֵוייסְטוּ — הָאט דֶער מַאן גֶעזָאגְט, אִיבֶּערְרַייסְנְדִיג זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט זִיךְ פַארְטְרַאכְט, — דֶער אָרִימַאן הָאט מִיר דֶערְמַאנְט וֶועגְן דֶער צַייט, מִיט פִיהל יָאהְרְן צוּרִיק, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אִין דֶער זֶעלְבֶּער לַאגֶע וִוי עֶר. אִיךְ דֶערְמַאן זִיךְ אַ גֶעוִויסְן פּוּרִים, וֶוען אִיךְ בִּין אַ פַארְהוּנְגֶערְטֶער גֶעגַאנְגֶען צוּ אַ גְבִיר פוּן אַ שְׁטֶעטְל, גְרַאדֶע נִישְׁט וַוייט פוּן דַאנֶען, מִיט דֶער

הָאפְּענונְג צו בַּאקוּמֶען דָארְט עֶפֶּעס צו עֶסְן. צוקוּמֶענְדִיג צו דֶער טְהִיר, הָאבּ אִיךְ דָארְט גֶעטְרָאפְן אַ כַאפְּטֶע פּורים שְׁפִּילֶער, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעוַוארְט צו בַּאקוּמֶען אַ נְדָבָה. דֶער גְבִיר הָאט זֵיי אֲפִילוּ אִין שְׁטוּבּ נִישְׁט אַרַיינְגֶעלָאזְן, אוּן אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט אָן אַ נְדָבָה. אִיךְ הָאבּ בַּאלְד פַארְלָארְן דֶעם חֵשֶׁק צו קְלַאפְּן אִין טְהִיר אוּן אִיךְ בִּין אַוֶועק אַ הוּנְגֶערִיגֶער, אוּן אִיצְט, זֶעהסְטוּ בָּרוּךְ־הַשֵׁם, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אוּנְז גֶעהָאלְפְן, אוּן מִיר קֶענֶען פַּרַאוֶוען הַכְנָסַת אוֹרְחִים. וֶוער וֵוייס, אֶפְשֶׁר אִיז דֶער אָרִימַאן, אוּנְזֶער אוֹרֵחַ, אוֹיךְ אַמָאל גֶעוֶוען אַ בַּעַל הַבַּיִת מִיט לַייטְן צוּגְלַייךְ, אוּן אֶפְשֶׁר אֲפִילוּ אַ עוֹשֶׁר? דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיז אַ מַשְׁפִּיל גֵאִים וּמַגְבִּיהַּ שְׁפָלִים — דֶערְנִידֶערִיגְט דִי שְׁטָאלְצֶע אוּן דֶערְהוֹיבְּט דִי גֶעפַאלֶענֶע... עֶר, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, דְרֵייט דָאס רֶעדְל, אַרוֹיף אוּן אַרָאפּ...

— דוּ הָאסְט גְרַאדֶע צוּגֶעטְרָאפְן — הָאט דָאס וַוייבּ גֶעעֶנְטְפֶערְט, זִיךְ ווִישֶׁנְדִיג אִירֶע טְרֶערְן — אוּנְזֶער אוֹרֵחַ אִיז גֶעוֶוען אַמָאל אַ גְרוֹיסֶער גְבִיר...

— פון װאנען װײסטו? — האט דער מאן איהר געפרעגט פארװאונדערט.

— דאס איז טאקע געװען יענער גביר, בײ װעמענס טהיר דו האסט געטראפן די פורים שפילער.

איהר מאן האט זיך נאך מער געװאונדערט, און ער האט װידער געפרעגט:

— אבער פון װאנען װײסטו דאס?

— איך בין געװען דערבײ, איך בין דאן געװען די עקרת הבית אין די שטוב... — האט זי שטיל געענטפערט.

# אַ שוּתָּף אַרוּמְצוּגֵיין אִיבֶּער דִי הֵייזֶער

פון צְוֵויי יָמִים טוֹבִים הָאבְּן דִי אִידְן אִין רוּמֶענְיֶע, אִיבֶּערְהוֹיפְּט דִי בּוּקַארֶעשְׁטֶער אִידְן שְׁטַארְק גֶעהַאלְטְן. דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶערְפַאר, וַוייל זֵיי זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְבּוּנְדְן מִיט עֶסְן און מִיט פַארְבְּרֵיינְגֶען בִּיז אִין טָאג אַרַיין.

דִי דָאזִיגֶע צְוֵויי יָמִים־טוֹבִים זַיינֶען גֶעוֶוען חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט און פּוּרִים.

וֶוען עֶס הָאבְּן זִיךְ דֶערְנֶענְטֶערְט דִי דָאזִיגֶע צְוֵויי יָמִים־טוֹבִים זַיינֶען דִי אִידִישֶׁע גַאסְן אִין בּוּקַארֶעשְׁט גֶעוֶוען פַארְפְלֵייצְט מִיט פַארְשִׁידֶענֶע אוֹיבְּסְטְן פַאר חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט און מִיט אוּמְגֶעהוֹיעֶרֶע גְרוֹיסֶע קוֹילִיטְשְׁן פַאר פּוּרִים. עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין אִיד, צוּ רַייךְ צוּ אָרֶעם, וָואס זָאל נִישְׁט אַהֵיימְבְּרֵיינְגֶען פַאר זַיין פַאמִילְיֶע פֶּעק

מִיט אויבְּסְט חֲמִשָּׁה עָשָׂר און אַ קוילִיטְש פַּאר פּוּרִים.

מִיט עֶטלִיכֶע וָואכְן פַּאר פּוּרִים הָאט שׁוין יֶעדֶע פַאמִילְיֶע גֶעוואוּסְט, וואו זֵי וֶועט פַּארְבְּרֵיינְגֶען דִי נַאכְט פון פּוּרִים.

אָדֶער מֶען הָאט גֶעמַאכְט דִי סְעוּדָה בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים, צוּ וֶועלְכֶער מֶען הָאט אַיינְגֶעלַאדְנְט מִשְׁפָּחָה און פְרַיינְט, אָדֶער מֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען פַּארְבְּרֵיינְגֶען בַּיי מִשְׁפָּחָה און פְרַיינְט. מֶען הָאט גֶעטַאנְצְט, גֶעגֶעסְן, גֶעהוּלְיֶעט בִּיז אִין טָאג אַרַיין.

אָפְּצוּקוּמֶען דִי סְעוּדַת פּוּרִים מִיט אַ גֶעוֵוינְלִיכֶע סְעוּדָה און דֶערְנָאךְ זִיךְ גֵיין לֵייגְן שְׁלָאפְן — דָאס הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט פַּאסִירְן בַּיי אַ רוּמֶענִישְׁן אִיד.

בַּאזוּנְדֶערְס פְרֵיילַאךְ זַיינֶען גֶעוֶוען דִי פּוּרִים־סְעוּדוֹת אִין דִי רֶבִּישֶׁע הוֹיפְן. יֶעדֶער הוֹיף הָאט גֶעהַאט זַיין נוּסַח, זַיין דֶרֶךְ און אֵייגְן פְּרַאוֶוען.

דִי מְגִילָה הָאט מֶען אוּמֶעטוּם גֶעלֵייעֶנְט מִיט דֶעם זֶעלְבְּן נִיגוּן, און בַּיי דִי וֶוערְטֶער "הָמָן", הָאט

מֶען גֶעקְלַאפְּט, גֶעגְרַאגֶערְט און גֶעטוּפֶּעט מִיט דִי פִּיס. עֶרֶב דֶער מְגִילָה־נַאכְט, אֶסְתֵּר תַּעֲנִית, הָאט מֶען אוּמֶעטוּם גֶעפַאסְט. אוֹיף נִישְׁט צוּ עֶסְן דַארְף מֶען נִישְׁט הָאבְּן קֵיין בַּאזוּנְדֶערְן גַאנְג.

דָאס פַארְשִׁידֶענֶע פְּרַאוֶוען הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבְּן אִין טָאג פוּן פּוּרִים, סַיי אִין דִי הֵיימֶען, סַיי בַּיי דִי רֶבִּישֶׁע טִישְׁן. גָאר בַּאזוּנְדֶער בַּיי דִי רֶבִּי׳ס פוּן דֶעם רִיזְשִׁינֶער׳ס גֶזַע.

דִי פּוּרִים־סְעוּדָה, וָואס אִיז גֶעפְּרַאוֶועט גֶעוָוארְן אִין בֶּעהוּשֶׁער הוֹיף בַּיי רַבִּי יִשְׂרָאֵל׳נְיוּ, אַ אֵיינִיקֶל פוּן דֶעם רִיזְשִׁינֶער רֶבִּין, הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁם אִיבֶּער גַאנְץ רוּמֶענְיֶע. דָאס הָאט מִיר גֶעבְּרַאכְט, אַז אִין אַ פּוּרִים זָאל אִיךְ פָאְרן קֵיין בֶּעהוּשׁ און זִיךְ צוּקוּקְן וְוי אַזוֹי מֶען פַארְבְּרֵיינְגְט דָארְטְן בַּיי דֶער פּוּרִים־סְעוּדָה.

וֶוען אִיךְ בִּין אָנְגֶעקוּמֶען אֶסְתֵּר־תַּעֲנִית אִין דֶערְפְרִי קֵיין בֶּעהוּשׁ, דִי רֶעזִידֶענְץ פוּן בֶּעהוּשֶׁער רֶבִּין, רַבִּי יִשְׂרָאֵל׳נְיוּ ז״ל, הָאט זִיךְ דָאס שְׁטֶעטְל גֶעקְוִויקְט מִיט דִי עֶרְשְׁטֶע וַוארֶעמֶע שְׁטְרַאלְן פוּן סוֹף ווִינְטֶער. אִין שְׁטֶעטְל אִיז גֶעוֶוען לֶעבֶּעדִיג און

טומלדיג. מען האט זיך צוגעגרייט אויף פורים.

פורים אין דערפרי האט מען געזען אין די גאסן א סאך אנגעפארענע חסידים פון נאהנט און ווייט.

וואס איז אמת, די גרויסע חסידישע מאסן פלעגן קומען קיין בעהוש מערסטנס אויף די ימים־נוראים, אויף שבועות און אויך געווויסע שבתים. אבער אויך אין א פורים האט אין בעהוש נישט געפעלט קיין עולם: אייגענע אידן פון רומעניע, אידן פון בוקאווינע, בעסאראביע, טראנסילוואניע, און אויך פון אנדערע מדינות.

די מערסטע אידן זיינען געווען פון די ארומיגע שטעט. זיי זיינען געקומען מיט זייערע משפחות, כדי צו פארברענגען פורים אין בעהוש און זען די גרויסע הילולא, וואס עס ווערט געפראוועט אין רבינס הויף.

דער בעהושער הויף, דארף מען וויסן, איז געווען פון א גרויסן פארנעם. אין א רחבות׳דיגן הויף האבן זיך געפונען א גאנצע צאל געביידעס, וואו דער רבי און די משפחה זיינע האבן געהאט

זֵייעֶרֶע וואוֹינוּנְגֶען. דִי קְלוֹיז אִיז גֶעוֶועֶן אַ כְּלִילַת יוֹפִי. עֶס זַיינֶען גֶעוֶועֶן וואוֹינוּנְגֶען פַאר דֶער דִינֶערְשַׁאפְט; קִיכְן אוּן אִיבֶּערְהוֹיפְּט אַ וואוּנְדֶערְבַּארֶער בִּנְיָן פַאר דֶער יְשִׁיבָה, דִי אֵיינְצִיגֶע יְשִׁיבָה אִין רוּמֶענְיֶע, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ שֵׁם נִישְׁט נָאר אִין לַאנְד נָאר אוֹיךְ אִין אַנְדֶערֶע מְדִינוֹת.

דֶעם גַאנְצְן טָאג פּוּרִים הָאט דָאס שְׁטֶעטְל גֶעפְּרַאוֶועט דֶעם יוֹם־טוֹב: כְּלֵי־זַמָרִים זַיינֶען גֶעקוּמֶען "אָפְּשְׁפִּילְן אַ שְׁטִיקְל" אִין בַּאלֶעבַּאטִישֶׁע הַייזֶער. אִין דִי מֶערְסְטֶע הַייזֶער אִיז דִי סְעוּדָה צוּגֶעגַאנְגֶען אַבִּיסְל בְּחִפָּזוֹן׳דִיג, וַוייל מֶען הָאט זִיךְ גֶעאַיילְט צוּ גֵייְן אִין רֶבִּי׳נְס הוֹיף.

פּוּרִים אוֹיף דֶער נַאכְט זַיינֶען, דִי קְלוֹיז אוּן דֶער גְרוֹיסֶער הוֹיף, גֶעוֶועֶן בַּאלוֹיכְטְן מִיט פַארְבִּיגֶע לָאמְפְּן, אוּן אַ יָם פוּן לִיכְט. דֶער גְרוֹיסֶער טִישׁ אִין מִיטְן קְלוֹיז, וָואס הָאט זִיךְ גֶעצוֹיגְן פוּן דֶער מַעֲרָב וַואנְט בִּיז צוּ מִזְרָח, אִיז גֶעוֶועֶן גֶעדֶעקְט מִיט כָּל עֶרְלֵיי כֵּלִים. אָנְגֶעזֶעהֶענֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים, גֶעהוֹיבֶּענֶע חֲסִידִים אוּן הַיימִישֶׁע גֶעסְט זַיינֶען שׁוֹין גֶעוֶועֶן אוֹיסְגֶעזֶעצְט. דִי אִיבֶּערִיגֶע הָאבְּן זִיךְ סְתָּם גֶעדְרִיקְט אַרוּם טִישׁ, אָדֶער גֶעפוּנֶען

אַ װינקל אין קלויז, װאס איז געװען געפּאקט ביז מורא׳דיגער אײנגעשאפּט. עס איז אויך געװען אײנג אין פּאלוש און בײ די אַרײנגאנגען.

אין קלויז גופא האט געהערשט אַ שטימונג פון געשפּאנטקײט. אט אט עפנט זיך די טהיר פון חדר־מיוחד און דער רבי מיט די קינדער װעלן קומען צום טיש. אונטערן רבינס הויכער, קינסטלעריש געשניצטער שטול איז שוין געשטאנען דער בארימטער חזן פון דער גרויסער שוהל אין באקו, גרייט אויפצונעמען דעם רבין מיט אַ מארש, און נעבן דעם חזן איז געשטאנען דער שעף פון די כלי־זמרים פון בעהוש מיט זײן קאפּעליע, כדי צו באגלייטן די זינגערס.

פון מינוט צו מינוט איז די שפּאנונג געװארן גרעסער. דער רבי האט זיך געזאמט. דאס האט ארויסגערופן נײגעריגקייט בײם עולם. עס זײנען געפלויגן כל־ערלײ רמזים, פארװאס דער רבי זאמט זיך. מען האט געזאגט פארשידענע סברות. פון מויל־צו־מויל, פון אויער־צו אויער איז געגאנגען אַ שושקעריי. אלע אויגן זײנען געװען געװענדט צו דער פארמאכטער טהיר בײ װעלכער

אַבְרָהָם חַיִים דֶער גַבַּאי אִיז גֶעשְׁטַאנֶען וְוי אַ מִילִיטֶערִישֶׁער אַדְיוּטַאנְט און קֵיינֶעם נִישְׁט צוּגֶעלָאזְט.

אִין פָּאלוּשׁ און אִין דִי זַייטִיגֶע שְׁטִיבְּלַאך אִיז דֶערְוַוייל גֶעוֶוען פְרֵיילַאךְ. אִידְן וָואס הָאבְּן נִישְׁט גֶעהַאט אַזוֹי פִּיהל גֶעדוּלְד צוּ וַוארְטְן, הָאבְּן דֶערְוַוייל אַרַיינְגֶעכַאפְּט אַ בִּיסְל מַשְׁקֶה, גֶעזוּנְגֶען אַ נִיגוּן און אֲפִילוּ גֶעכַאפְּט אַ טַאנְץ. אַ קְלֶענֶערֶע קַאפֶּעלְיֶע מוּזִיק הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערְן אִין הוֹיף. אַרוּם דֶער קַאפֶּעלְיֶע, פַארְשְׁטֶעלְטֶע אִין כָּל־עֶרְלֵיי פָּארְמֶען: אִידְן, חֲסִידִים, הָאבְּן זִיךְ פַארְשְׁטֶעלְט אִין מוּנְדִירְן פוּן אַמָאלִיגֶע קֶענִיגְן; אַנְדֶערֶע ווִידֶער הָאבְּן גְלַאט אִיבֶּערְגֶעקֶערְט דִי קַאפָּאטֶעס, דִי שְׁטְרַיימְלַאךְ און זִיךְ פְרֵיילַאךְ גֶעמַאכְט.

פְּלוּצִים אִיז אִין קְלוֹיז גֶעוָוארְן אַ שׁוּשְׁקֶערַיי. אִין יֶעדְן וִוינְקְל הָאט מֶען גֶעהֶערְט אַ שַׁא! שַׁא! דֶער רֶבִּי!

פוּן חֶדֶר מְיוּחָד אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען דֶער רֶבִּי. זַיין פָּנִים הָאט גֶעשַׁיינְט פוּן פְרֵיילִיכְקַייט. דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ גֶעשׁוּשְׁקֶעט: "קוּקְט נָאר, וִוי דִי

שְׁכִינָה רוּהט אוֹיף אִיהם". נָאךְ דֶעם רֶבִּין זַיינֶען נָאכְגֶעגַאנְגֶען דִי קִינְדֶער אִין שְׁטְרַיימְלַאךְ, דִי וֶוערְכֶעס אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט מִיט אַ שְׁפִּיץ, ווִי אַ קְרוֹין. אַלֶע אָנְגֶעטְהוּן אִין זַיידֶענֶע כַאלַאטְן, וָואס הָאבְּן גֶעפִינְקֶלְט אוּן גֶעבְלַאנְקְט. דֶער חַזָן אוּן דִי קַאפֶּעלְיֶע כְּלֵי זַמָרִים הָאבְּן גֶעזוּנְגֶען אוּן גֶעשְׁפִּילְט מִיט הִתְלַהֲבוּת: בְּרוּכִים כָּל הַצַדִיקִים.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּוִויגְט. עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ גֶעדְרֵיינְג אוּן אַ שְׁטוּפֶּעַריי אוֹיף צוּרִיק. מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַ וַוארֶע פַארְן רֶבִּין אוּן דִי קִינְדֶער, וָואס זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען מִיט גֶעמָאסְטֶענֶע טְרִיט צוּ זֵייעֶרֶע שְׁטוּלְן. צוּקוּמֶענְדִיג צוּ זַיין שְׁטוּל, אִיז רַבִּי יִשְׂרָאֵל'נִיוּ אוֹיף אַ ווַיילֶע שְׁטֵיין גֶעבְּלִיבְּן. אִין קְלוֹיז אִיז גֶעוָוארְן שַׁא, שְׁטִיל. עֶס הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעהֶערְט קֵיין שָׁארךְ. אַלֶע בְּלִיקְן זַיינֶען גֶעוֶוען גֶעוֶוענְדֶעט מִיט יִרְאַת הַכָּבוֹד צוּם רֶבִּין, וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מִיט דִי הֶענְט אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין דִי אַרְבְּל פוּן זַיין פְּרַאכְטִיגְן זַיידֶענֶעם כַאלַאט, אוּן גֶעהַאלְטְן דִי אוֹיגְן פַארְמַאכְט. דִי סְצֶענֶע הָאט גֶעדוֹיעֶרְט עֶטְלִיכֶע מִינוּט. דֶער גַבַּאי הָאט דֶערְנָאךְ דֶערְלַאנְגְט אַ

זילְבֶּערְנֶעם בֶּעקְן און דֶער רֶבִּי הָאט זיךְ גֶעוַואשְׁן, גֶעמַאכְט דִי בְּרָכָה עַל נְטִילַת יָדַיִם, און דֶערְנָאךְ שְׁטִיל, אויסְצִיעֶנְדִיג יֶעדֶעס וָוארְט, גְלַייךְ ווי עֶס וָואלְטְן זיךְ גֶעשָׁאטְן פֶּערְל פון זַיין מויל, הָאט עֶר גֶעמַאכְט הַמוֹצִיא אִיבֶּער דֶעם פּוּרִים קוילִיטְשׁ, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶועזְן אוּמְגֶעהויֶער גְרויס.

נָאכְדֶעם ווי דֶער גַבַּאי הָאט צוּשְׁנִיטְן דֶעם קוילִיטְשׁ און הָאט גֶעגֶעבְּן יֶעדְן אֵיינֶעם "הַמוֹצִיא", הָאט מֶען דֶערְלַאנְגְט דִי פִּישׁ, מִיט רָאזְשִׁינְקֶעס און מִיט פַּארְשִׁידֶענֶע בְּשָׂמִים. אַלֶע וָואס זַיינֶען גֶעזֶעסְן בַּיי דֶער סְעוּדָה הָאבְּן בַּאקוּמֶען אַ פָּארְצִיֶע. מְשָׁרְתִים און סַארְוֶוערְס הָאבְּן גֶעטְרָאגְן גְרויסֶע טֶעלֶער פון דֶער קִיךְ, צְוֵויי גַבָּאִים זֶענֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַרוּם דֶעם גְרויסְן טִישׁ און דֶערְלַאנְגְט יֶעדְן אֵיינֶעם לויט דֶער רַייה.

נָאךְ דִי פִּישׁ און עֶרְשְׁטְן בִּיסְל מַשְׁקֶה, וָואס דֶער רֶבִּי און דִי חֲסִידִים הָאבְּן גֶעטְרוּנְקֶען, אִיז גֶעוָוארְן שְׁטִיל. מֶען הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אִיצְט וֶועט דֶער רֶבִּי זָאגְן אַ "תּוֹרָה'לֶע" מֵעִנְיָנָא דְיוֹמָא.

דֶער רֶבִּי הָאט נָאכְדֶערְצֵיילְט פּוּרִים'דִיגֶע

זאַגעכצן, גאַנץ פרײליכע, פון ריזשינער זײדן און דער עולם האָט אָנגעקוואלן. דאָס אָבער איז געווען נאָר דער אָנהויב פון דער סעודה. באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו דערלאַנגען די שיסלען יויך מיט קרעפּלאַך, און ווען דער עולם איז געווען באַשעפטיגט מיטן עסן פון די וואונדערבאַרע מאַכלים, האָט דער חזן, אונטער דער באַגלייטונג פון די כלי זמרים, געזונגען שטיקלאַך פון קרובץ־לפורים.

די גרויסע שמחה האָט זיך אָנגעהויבן ערשט ווען מען האָט געהאַלטן בײם פאַרענדיקן דאָס פלייש מיטן צימעס, און נאָכדעם ווי מען האָט יעדן אײנעם געגעבן אַ גרויסן טעלער מיט פּורים געבעקס, מיט המן טאַשן, בייגאַלאַך, שטרודל און אַנדערע געבעקס, האָבן פון ערגעץ וואו זיך פּלוצים באַוויזן פינף באַבערדלטע אידן אין משונה׳דיג קאָליר׳טע קאָסטיומען און מיט ״נאַר־מיצלאַך״ אויף די קעפּ. זײ האָבן זיך אַרויפגעשטעלט אויף צוויי לייטערס און אײנער פון זײ האָט אָנגעהויבן זאָגן אַ פּורים־קידוש, וואָס איז געווען פאַרפלאָכטן מיט פאַרשידענע פסוקים אײנער אין אַנדערן.

אַלֶע חֲסִידִים הָאבְּן גֶעקֵייכְט פון גֶעלֶעכְטֶער און גֶעפְּלִיסְקֶעט מִיט דִי הֶענְט. אָפְּגֶעפַּארְטִיגְט מִיט דֶעם "קִידּוּשׁ", הָאט אַ צְוֵוייטֶער גֶענוּמֶען זָאגְן פְּסוּקִים פון מְגִילַּת אֶסְתֵּר, פַּארְטַייטְשְׁט אויף אַ ווִיצִיגְן שְׁטֵייגֶער, אויף אִידִישׁ און רומֶענִישׁ. דֶער עוֹלָם הָאט בַּיי יֶעדְן פַּארְטַייטְשְׁטְן פָּסוּק הַארְצִיג גֶעלַאכְט. דֶערְנָאךְ הָאט אַ דְרִיטֶער אויפְן לֵייטֶער, אַ מִין פּוּרִים־רָב, אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן און פְּלֶעכְטְן תּוֹרָה אֵיינְס אִין אַנְדֶערְן, וָואס הָאט אַרוֹיסְגֶערוּפְן פְרֵייד און גֶעלֶעכְטֶער.

נָאךְ דֶער "פּוּרִים־תּוֹרָה" הָאבְּן זִיךְ בַּאווִיזְן עֶטְלִיכֶע צֶענְדְלִיג בַּחוּרִים אִין פַארְבִּיגֶע כַאלַאטְן מִיט צוּשׁוֹיבֶּערְטֶע פֵּיאוֹת און צוּפְלַאמְטֶע פֶּנִימֶער. זֵיי הָאבְּן אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן דֶעם רֶבִּין און זַיין שְׁטוּל, און עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן זִיצְן ווִי אויף אַ הוֹיכְן טְרָאן. דִי בַּחוּרִים זַיינֶען אַוֶועק אִין אַ טַאנְץ מִיט דֶער שְׁטוּל, דָאס הֵייסְט מִיטְן רֶבִּין, און דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט מִיטְגֶעטַאנְצְט. דִי כְּלֵי־זַמָּרִים הָאבְּן גֶעשְׁפִּילְט, דֶער חַזָּן און הוּנְדֶערְטֶער הֶעלְזֶער הָאבְּן מִיטְגֶעזוּנְגֶען און דִי פְרֵיילִיכֶע קוֹלוֹת הָאבְּן זִיךְ גֶעטְרָאגְן עַד לֵב הַשָּׁמַיִם.

אין יענעם יאָר ווען איך בין געווען צו גאַסט אויף פּורים אין בעהוש, האָט דאַמאָלס, ווען דער עולם האָט געטאַנצט און זיך משׂמח געווען, פּאַסירט עפּעס אומדערוואַרטס.

ביים טויער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ וואָגן און עס איז פון איהם אויסגעשטיגן אַ מאַן, אָנגעטהון אין אַ מונדיר פון אַ פּאָליצײ־אינספּעקטאָר. ער האָט געטראָגן גרויסע וואָנצעס און אַ פּיין געשניטן בערדל. ער איז געווען באַגלייט פון צוויי פּאָליציאַנטן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער טהיר פון קלויז און אין רומעניש אויסגעשריגן:

— וואָס איז דאָ אַזאַ טומל אַזוי שפּעט אין דער נאַכט? האָט איהר אַ דערלויבעניש פון דעם פּאָליצײ־אינספּעקטאָר צו שטערן די רוה פון די איינוואוינער פון שטעטל?

דער עולם איז געבליבן געפּלעפּט.

נאָר קוקנדיג אויף דעם רבין און זעהענדיג ווי ער שמייכלט, איז דער עולם באַלד געקומען צו

זִיךְ און גֶעגְלוֹיבְּט, אַז דָאס זַיינֶען פַּארְשְׁטֶעלְטֶע שְׁטָאטִישֶׁע לֵצִים, וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען זִיךְ פְרֵיילַאךְ מַאכְן. אֵייניגֶע חֲסִידִים זַיינֶען צוּ זֵיי צוּגֶעגַאנְגֶען און זֵיי גֶעוָואלְט מְשַׁלֵחַ זַיין.

— נוּ, אָט דָאס אִיז שׁוֹין אַבִּיסְל אַ חוּצְפָּה! גֶענוּג, גֶענוּג, גֵייט שׁוֹין! — הָאט מֶען צוּ זֵיי גֶע'טַעְנֶה'ט, אָבֶּער דָא אִיז גֶעשֶׁעהן עֶפֶּעס אוּמְדֶערְוַוארְטֶס. דֶער אָפִּיצִיר הָאט פוּן זִיךְ אַוֶועקְגֶעטְרִיבְּן דִי פָּאר חֲסִידִים און הָאט זִיךְ אַ לָאז גֶעטְהוּן צוּם רֶבִּין, צוּ אִיהם אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי הַאנְט און אִיהם גֶעגֶעבְּן שָׁלוֹם.

דֶער עוֹלָם אִיז גֶעבְּלִיבְּן פַארְגַאפְּט. וֶוער קֶען דָאס הָאבְּן אַזַא הֶעזָה? דֶער גַבַּאי אַבְרָהָם חַיִים הָאט זִיךְ גֶעכַאפְּט, אַז דֶער "עַזוּת פָּנִים" אִיז נִישְׁט גְלַאט אַבִּי וֶוער. עֶר אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען און אִיהם גֶעבֶּעטְן, אַז עֶר זָאל שׁוֹין זָאגְן וֶוער עֶר אִיז, ווַייל עֶר שְׁטֶערְט דִי שִׂמְחָה.

אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט הָאט זִיךְ, אַז דֶער "פָּאלִיצֵיי אָפִּיצִיר" אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִי גֶעהוֹיבְּנְסְטֶע חֲסִידִים גְבִירִים פוּן רָאמַאן — דֶער בַּאנְקִיר

אַבְרָהָם רָאזְנְבֶּערְג. אַלֵיין אַ מְיוּחָס, אַ לַמְדָן און פְרֵיילַאכֶער איד. עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט פארְמַאסְקִירְן און מִיטְגֶענוּמֶען צְוֵויי פְרַיינְט און פַארְשְׁטֶעלְט זֵיי אַלְס פָּאלִיצְיַאנְטְן, און אִין זַיין קַארֶעטֶע זִיךְ אַוֶועקְגֶעלָאזְט צוּם רֶבִּינְס הוֹיף.

דֶער גַבַּאי אַבְרָהָם חַיִים הָאט דֶערְנָאךְ דֶערְצֵיילְט וָואס דֶער דָאזִיגֶער גְבִיר הָאט אִין אַ גֶעווִיסְן פּוּרִים "אָפְּגֶעטְהוּן" אִין רָאמַאן:

— צוּרִיק מִיט עֶטְלִיכֶע יָאר — דֶערְצֵיילְט דֶער גַבַּאי — אַ פּוּרִים אִין דֶערְפְרִי, וֶוען דֶער גְבִיר אַבְרָהָם רָאזְנְבֶּערְג אִיז אַהֵיימְגֶעגַאנְגֶען פוּן שׁוּהל, דֶערְזֶעט עֶר אוֹיף דֶער גַאס אַ אִיד וָואס קוּקְט אוֹיס פַארְצְוֵוייפֶלְט. הָאט רָאזְנְבֶּערְג פַארְשְׁטַאנֶען אַז דֶער אִיד מוּז זַיין אַ דָארְפְס מֶענְטְשׁ; עֶר אִיז צוּ אִיהם צוּגֶעגַאנְגֶען, גֶעגֶעבְּן אִיהם שָׁלוֹם און אִיהם גֶעפְרֶעגְט פַארְוָואס עֶר קוּקְט אוֹיס אַזוֹי פַארְצְוֵוייפֶלְט?

— וָואס הֵייסְט? — הָאט דֶער אִיד גֶעפְרֶעגְט צוּרִיק — עֶס אִיז שׁוֹין אַזוֹי שְׁפֶּעט און אִיךְ הָאבּ נָאךְ נִישְׁט קֵיין שׁוּתָּף מִיט וֶועמֶען אִיךְ זָאל קֶענֶען

אַרוּמְגֵיין אִיבֶּער דִי הַייזֶער קְלוֹיבְּן גֶעלְד. אִיךְ בִּין פוּן דֶער שְׁטֶעטְל בּוּטְנַארִי, מַיין פְּרוֹי אִיז קְרַאנְק, מַיינֶע פִינְף קִינְדֶער גֵייעֶן נַאקֶעט אוּן בָּארְוֶועס, אוּן אִין שְׁטוּב אִיז נִישְׁטָא וָואס צוּ עֶסְן. הָאט אִיךְ בַּאשְׁלָאסְן צוּ קוּמֶען פּוּרִים קֵיין רָאמַאן, וואוּ עֶס זֶענֶען פַּארַאן אַ סַאךְ אִידִישֶׁע גְבִירִים, אוֹיסְזוּכְן זִיךְ אַ שׁוּתָּף פוּן דִי הִיגֶע קַבְּצָנִים, וֶועלְכֶע וֵוייסְן וואוּ דִי גְבִירִים וואוֹינֶען, אוּן זֶען עֶפֶּעס צוּזַאמֶענְגֶעמֶען פַאר מַיינֶע בְּנֵי בַּיִת. וִוי אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, קֶען מֶען דָא בַּיי אַייךְ אִין רָאמַאן צוּזַאמֶענְנֶעמֶען פּוּרִים אַ שֵׁיין בִּיסְל לֵיי״ס (רוּמֶענִישֶׁע מַטְבֵּעַ). אִיךְ קֶען אָבֶּער נִישְׁט גֶעפִינֶען קֵיין שׁוּתָּף.

— גָ־ט הָאט אַייךְ צוּגֶעשִׁיקְט — הָאט רָאזֶנְבֶּערְג גֶעזָאגְט — אִיךְ זוּךְ אוֹיךְ אַ שׁוּתָּף אַרוּמְצוּגֵיין אִיבֶּער דִי הַייזֶער. וֵוייסְט אִיר וָואס? לָאמִיר בֵּיידֶע מַאכְן שׁוּתְּפוּת אוּן גֵיין צוּזַאמֶען.

דֶער פְרֶעמְדֶער אִיד אִיז גֶעוָוארְן אוֹיסֶער זִיךְ פוּן שִׂמְחָה וָואס גָ־ט הָאט אִיהם עֶנְדְלִיךְ צוּגֶעשִׁיקְט אַ שׁוּתָּף.

— אִיצְט מַיין לִיבֶּער אִיד — הָאט זִיךְ

ראַזנבערג אָנגערופֿן — װעלן מיר קודם כּל אַרײַנגײן אין אַ גבֿירישע שטוב און מיר װעלן דאָרטן מאַכן אַ גוטן אָנפֿאַנג. דאָרטן װעט מען אונדז אויך מכבד זײַן מיט אַ גוטן איבערבײַס, אַזױ אַז מיר װעלן האָבן כּח צו גײן אַ גאַנצן טאָג. איך קען גוט דאָס דאָזיקע גבֿירישע הויז. דער בעל הבית און זײַן פֿרוי זײַנען װוּנדערבאַרע מענטשן.

און ראַזנבערג האָט געפֿירט דעם פֿרעמדן איד צו זיך אין הויז אַרײַן. אַזױ װי ער האָט אויפֿגעמאַכט די טיר און זײַן פֿרוי איז איהם אַנטקעגן געקומען האָט ער שנעל געגעבן אַ זאָג:

— גוט יום טוב, פֿרוי ראַזנבערג, — און דערבײַ האָט ער געגעבן אַ װוּנק — אַזױ װי יעדעס יאָר פּורים, קום איך דאָס ערשטע צו אײַך פֿאַר שלח מנות. דאָס איז מײַן שותּף מיט װעלכן איך גײ דאָס יאָר צו די היגע בעלי בתּים. איך גלויב אַ אויך דאָס יאָר װעלן מיר בײַ אײַך קריגן אַ גוטן איבערבײַס.

די פֿרוי זײַנע האָט תּיכּף פֿאַרשטאַנען, אַז איהר מאַן האָט דעם אָרימאַן נישט געזאָגט װער

ער איז, און זי האט געמאכט דעם אנשטעל ווי זי נעמט אויף צוויי ארימעלייט וואס זיינען געקומען קלויבן שלח מנות.

זי האט געהייסן זיך וואשן און האט דערלאנגט דעם אמת׳ן איבערבייס. דערביי האט זי אויך דערלאנגט א פלאש וויין; ראזנבערג האט אלע מאל אנגעפילט דאס גלעזל פון ארימאן. נאך דעם ווי זיי האבן אפגעבענטשט, פרעגט ראזנבערג, וואו דער בעל הבית איז, און די פרוי ענטפערט, אז ער איז אין זיין קאבינעט.

— קענען מיר זיך דא ביי אייך צושפארן אויף א האלבע שעה? — האט ראזנבערג געפרעגט ביי זיין ווייב.

— מיטן גרעסטן פארגעניגן — האט זי געענטפערט.

דער ארימאן, וועלכער איז שוין געווען אביסל שיכור׳לאך, האט אין אנהויב נישט געוואלט הערן דערפון.

— וואס הייסט? — האט ער געזאגט —

מִיר וֶועלְן פַארְשְׁפֶּעטִיגְן. יֶעדֶע מִינוּט וָואס מִיר פַארְשְׁפֶּעטִיגְן וֶועט אוּנְז קָאסְטְן גֶעלְט.

— הָאט נִישְׁט קֵיין מוֹרָא — הָאט רָאזְנְבֶּערְג גֶעזָאגְט — מִיר וֶועלְן גָארְנִישְׁט פַארְלִירְן. אִיךְ גֵיי נָאר אִין גְבִיר׳ישֶׁע הַייזֶער אוּן בַּיי זֵיי וֶועלְן מִיר קְרִיגְן וָואס מִיר וִוילְן. מִיר וֶועלְן גָארְנִישְׁט פַארְלִירְן.

דֶער פְרֶעמְדֶער, זַייעֶנְדִיג שְׁטַארְק מִיד, אִיז בַּאלְד אַנְטְשְׁלָאפְן גֶעוָוארְן, רָאזְנְבֶּערְג אִיז אַוֶועק אִין זַיין בַּאנְק. עֶר אִיז עֶרְשְׁט פַארְנַאכְט אַהֵיים גֶעקוּמֶען, זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן יוֹם טוֹב׳דִיג אוּן זִיךְ צוּגֶעגְרֵייט צוּ דֶער פּוּרִים סְעוּדָה.

דֶער אָרִימַאן אִיז גֶעשְׁלָאפְן אַ גַאנְצְן טָאג. וֶוען עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזְן אָוְונְד. וֶוען עֶר הָאט דֶערְזֶען, אַז עֶס אִיז שׁוֹין בַּאלְד נַאכְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ וֵויינֶען אוּן טַעְנֶה׳עְן, אַז דֶער אִיד מִיט וֶועלְכְן עֶר הָאט גֶעמַאכְט שׁוּתְּפוּת, הָאט אִיהם גֶעקוֹילֶעט אָן אַ מֶעסֶער. וואוּ וֶועט עֶר גֵיין אִיצְט, אוּן וָואס וֶועט עֶר שׁוֹין הָאבְּן?

עֶר הָאט רָאזְנְבֶּערְג׳ן, וָואס הָאט אִיהם גֶעזוּכְט

צוּ בַּארוּהִיגְן, נִישְׁט דֶערְקֶענְט, אַז עֶר אִיז דֶער אִיד וָואס הָאט מִיט אִיהם שׁוּתְּפוּת גֶעמַאכְט. רָאזֶנְבֶּערְג הָאט אִיהם גֶעטְרֵייסְט, אַז עֶר דַארְף נִישְׁט זַיין אַזוֹי פַארְצְוֵוייפֶלְט. עֶר וֶועט זֶען עֶפֶּעס צוּ טְהוּן פַאר אִיהם, דֶערְוֵוייל זָאל עֶר בְּלַייבְּן בַּיי אִיהם בַּיי דֶער סְעוּדָה.

בַּיי דֶער סְעוּדָה זַיינֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען דִי צְוֵויי זִין זַיינֶע מִיט זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּן קִינְדֶער, אוּן דְרַיי טֶעכְטֶער מִיט זֵייעֶרֶע מֶענֶער אוּן קִינְדֶער.

זִיצֶנְדִיג בַּיי דֶער סְעוּדָה, גִיט אַ פְּרֶעג רָאזֶנְבֶּערְג דֶעם אֵידְן:

— זָאגְט מִיר לִיבֶּער אִיד, וִויפִל הָאט אִיר זִיךְ מְשַׁעֵר גֶעוֶועזְן, אַז אִיר קֶענְט מַאכְן הַיינְט מִיט אַייעֶר אַרוּמְגֵיין אִיבֶּער דִי הַייזֶער?

— אוֹיף מַיין חֵלֶק הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶנְט, אַז עֶס וֶועט מִיר אִיבֶּערְבְּלַייבְּן דָאס וֵוינִיגְסְטֶע — אַ צְוֵויי הוּנְדֶערְט לֵיי.

— הֵייסְט עֶס, אַז צוּזַאמֶען מִיט אַייעֶר שׁוּתָּף וָואלְט אִיר גֶעוֶועזְן גֶעמַאכְט אַ פִיר הוּנְדֶערְט לֵיי.

און זאגנדיג די ווערטער האט ראזנבערג אַרויסגענומען זיין טייסטער און האט דערלאנגט דעם אָרימען אידן פיר הונדערט ליי.

— דאס איז מיין שלח מנות. און איצט קינדער, לאמיר זען וויפל גיט איהר שלח מנות צו אַ אידן וואס האט אַ קראנקע ווייב און פינף קינדער?

יעדער איינער פון די זין, טעכטער איידימס און שנירן האבן געגעבן צו הונדערט ליי.

ווען דער איד האט געזען דעם אוצר וואס איז איהם אריינגעפאלן, האט ער אנגעהויבן צו וויינען פון שמחה.

— מיט אזוי פיל געלד — האט ער געזאגט — וועל איך שוין קענען צוגרייטן אַ פסח ווי אַ גביר טאקע.

— אַזא מין איד איז דעם רבינס חסיד אברהם ראזנבערג — האט דער גבאי אברהם חיים געענדיגט זיין מעשה.

## פִינְפְטֶער קַאפִּיטְל: **וְנַהֲפוֹךְ הוּא**

דֶער "שׁוֹשַׁנַּת יַעֲקֹב" הָאט גֶערַאטֶעוֶועט

נִישְׁט פַארְלִירְן דֶעם בִּטָּחוֹן

בָּרוּךְ... הָמָן

אִין זְכוּת פוּן דִי פּוּרִימְדִיגֶע אָרִימֶעלַייט

הָמָן אִיז גֶעוָוארְן וַיְזָתָא

מָרְדְּכַי אִיז גֶעקוּמֶען צוּ הִילְף

דֶער רוּגְז פוּן מָרְדְּכַי הַיְּהוּדִי

עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ שְׁטַאמְלֶער

אִין זְכוּת פוּן הָמָן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער



פאַרשטעלטע אין אַמאָליגע שטעטל

# דֶער "שׁוֹשַׁנַת יַעֲקֹב" הָאט גֶערַאטֶעוֶועט

אַ סְפֶּעצִיעֶלֶער בֶּעזוּנְדֶער פּוּרִים אַטְמָאסְפֶער פִיהלְט זִיךְ אִין גַאנְצְן שְׁטָאט, בֶּעזוּנְדֶער בַּיים הֵיילִיגְן בַּעַל שֵׁם טוֹב זצ"ל. פוּן אַלֶע עֶקְן לַאנְד זַיינֶען אָנְגֶעקוּמֶען פִיהל חֲסִידִים צוּ זִיךְ אָנְזַאפְּן מִיט דֶער שִׂמְחָה־גַייסְט וָואס הֶערְשְׁט אִין בֵּית מִדְרָשׁ, אוּנְטֶער דֶער הַשְׁפָּעָה פוּן צַדִיק. דִי תּוֹרָה וָואס עֶס אִיז גֶעזָאגְט גֶעוָוארְן בַּיי דִי טִישְׁן, הָאבְּן טִיף גֶעוִוירְקְט אוֹיף דִי צוּהֶערֶער אוּן גֶעלָאזְט אִיבֶּער זֵיי אַ מוֹרָאדִיגְן אַיינְדְרוּק.

— דֶער כֹּחַ וָואס הָמָן הָאט גֶעהַאט צוּ שַׁאפְן אִיבֶּער דִי אִידְן — הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב דַאן גֶעזָאגְט — אִיז גֶעקוּמֶען פוּן זַיין זֵיידְן, עֲמָלֵק, דוּרְךְ דֶעם "אֲשֶׁר קָרְךָ", וָואס הָאט דֶערְוַוייטֶערְט דִי אִידְן פוּן זֵייעֶר פָּאטֶער אִין הִימְל. דָאס אִיז אָבֶּער דֶער עֲמָלֵק פוּן אוֹיסְנֶוויינִיג. אָבֶּער אוֹיךְ

יֶעדֶער אֵיינֶער פַארְמָאגְט אִין זִיךְ אַ עֲמָלֵק, וֶועלְכֶער מַאכְט קַאלְט, און אֲפִילוּ אוֹיבּ דֶער עֲמָלֵק גֶעלִינְגְט נִישְׁט אִינְגַאנְצְן אָפְּצוּקִיהלְן, מַאכְט זִיךְ אִיהם אָפְּט, צוּ אָפְּקִיהלְן דֶעם בְּרֶען, דִי הִתְלַהֲבוּת וָואס פָאדֶערְט אַ אִידְן בַּיים מְקַיֵים זַיין אַ מִצְוָה. דֶערִיבֶּער דַארְף מֶען שְׁטֶענְדִיג זִיךְ בַּאמִיהֶען צוּ טְהוּן דִי מִצְוֹת מִיט וַוארִימְקַייט, מִיט פַייעֶר, מִיט הִתְלַהֲבוּת, און דָאס קֶען מֶען אוֹיסְפִיהרְן נָאר מִיט שִׂמְחָה!

אָט אַזוֹי הָאט דֶער הֵיילִיגֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב גֶעפָאדֶערְט בַּיי דִי חֲסִידִים זִיךְ אָנְגַארְטְלֶען מִיט שִׂמְחָה. און ווירְקְלִיךְ און עֶס אִיז טַאקֶע גֶעוֶוען אַ פְרֵיילַאכֶער פּוּרִים, מֶען הָאט גֶעקֶענְט אָנְטַאפְּן דִי שִׂמְחָה מִיט דִי הֶענְד.

*

צְווִישְׁן דִי אַלֶע חֲסִידִים וָואס זַיינֶען גֶעקוּמֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען דֶעם פּוּרִים בַּיים בַּעַל שֵׁם טוֹב הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעפוּנֶען דֶער גָאוֹן רַבִּי מֵאִיר מַרְגָלְיוֹת, לֶעמְבֶּערְגֶער רָב און מְחַבֵּר פוּן סֵפֶר "מֵאִיר נְתִיבִים". רַבִּי מֵאִיר הָאט מִיטְגֶעבְּרַאכְט צוּם רֶבִּין

אוֹיךְ זַיין אִינְגְל, שָׁאוּל, וָואס טְרָאץ זַיין יוּנְגְן עֶלְטֶער אִיז עֶר שׁוֹין גֶעוֶוען בַּאוואוּסְט מִיט זַיינֶע אוֹיסֶערְגֶעוֵויינְלִיכֶע פֶּעהִיגְקַייטְן. עֶר הָאט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכְנְט מִיט זֵייעֶר אַ זִיסֶע אוּן שֵׁיינֶע שְׁטִימֶע.

נָאךְ פּוּרִים וֶוען רַבִּי מֵאִיר אִיז זִיךְ גֶעקוּמֶען גֶעזֶעגֶענֶען מִיטְן צַדִיק, רוּפְט זִיךְ אָן צוּ אִיהם דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב:

— אִיךְ וָואלְט וֶועלְן דוּ זָאלְסְט אִיבֶּערְלָאזְן בַּיי מִיר דַיין שָׁאוּלְקֶען אוֹיף אֵיינִיגֶע טֶעג, נָאךְ שַׁבָּת אי״ה, וֶועל אִיךְ אִיהם שִׁיקְן צוּרִיק אַהֵיים.

עֶס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אַז דֶער לֶעמְבֶּערְגֶער רָב הָאט בַּאלְד צוּגֶעשְׁטִימְט צוּ דֶער בִּיטֶע. עֶפֶּעס אַ קְלֵיינִיגְקַייט, זִיךְ צוּ גֶעפִינֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע טֶעג אִין אֵיין מְחִיצָה מִיטְן צַדִיק הַדוֹר, בְּעַזוּנְדֶער וֶוען דֶער צַדִיק אַלֵיין וֶועט זִיךְ אָפְּגֶעבְּן מִיט זַיין קִינְד. וֶוער קֶען זִיךְ עֶס צְוּוִינְטְשְׁן אַ גְרֶעסֶערֶע זְכִיָה ווי׳ דִי.

רַבִּי מֵאִיר מַרְגָלִיוֹת הָאט אָבֶּער קֵיין שׁוּם אַהנוּנְג נִישְׁט גֶעהַאט, וָואס אִיז דֶער צְוֶועק וָואס

דֶער צַדִיק וויל דַוְקָא הָאבְּן זַיין אִינְגל אוֹיף נָאךְ אַ פָּאר טֶעג. אָבֶּער קֵיין שְׁאֵלוֹת פְרֶעגְט מֶען נִישְׁט.

שַׁבָּת בַּיים טִישׁ, הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוב מְכַבֵּד גֶעוֶוען אוֹיךְ דֶעם קְלֵיינֶעם שָׁאוּלְקֶע זִינְגֶען זְמִירוֹת. זַיין מְתִיקוּת׳דִיגֶער קוֹל הָאט אַלֶעמֶען אַרַיינְגֶעבְּרֵיינְגְט אִין אַ הֶעכֶערֶע אַטְמָאסְפֶער. אַלֶע הָאבְּן בַּאוואוּנְדֶערְט זַיין דְבֵיקוּת אוּן עֶרְנְסְטְקַייט.

*

נָאךְ שַׁבָּת הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוב גֶעהֵייסְן שְׁפַּאנֶען דִי פֶערְד אוּן צוּזַאמֶען מִיט נָאךְ אֵייניגֶע תַּלְמִידִים הָאט מֶען זִיךְ גֶעלָאזְט אִין וֶועג אַרַיין. אוֹיךְ שָׁאוּלְקֶע אִיז מִיטְגֶעפָאהרְן.

אוֹיפְן וֶועג זַיינֶען זֵיי דוּרְכְגֶעפָאהרְן אַ קְרֶעטְשְׁמֶע, פוּן וֶועלְכְן עֶס הָאבְּן זִיךְ גֶעהֶערְט קוֹלוֹת פוּן פוֹיעֶרְן וָואס שִׁיכּוֹרְן אוּן הוּלְיֶען. צוּ אַלֶעמֶענְס וואוּנְדֶער הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוב גֶעהֵייסְן זִיךְ אָפְּשְׁטֶעלְן אוּן אַרַיינְגֵיין אִין דִי קְרֶעטְשְׁמֶע אַבִּיסְל זִיךְ אָפְּרוּהֶען.

דִי קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז גֶעוֶוען פוּהל מִיט פוֹיעֶרְן,

װעלכע זײַנען געזעסן בײַי די טישלאַך און געשיכורט, זינגענדיג און שרײַענדיג מיט הויכע קולות. דער בעל שם טוב איז געשטאַנען בײַי דער שװעל אַ קורצע צײַט, דערנאָך האָט ער אַ קלאַפּ געטהון אויף אַ טיש און אויסגעשריגן:

— שטיל זאָל זײַן!

מאַמענטאַל איז שטיל געװאָרן אין צימער. דער בעל שם טוב האָט זיך דאַן אָנגערופן צו די אָנװעזנדע:

— אויב איהר װילט הערן װאָס הייסט שיין זינגען, װעל איך באַפוילן אַט דעם יונגן אינגאַלע ער זאָל זינגען פאַר אײַך. אַט װעט איהר באַלד הערן.

און דאַן האָט דער בעל שם טוב צוגערופן דעם קליינעם שאָולקע, איהם געהייסן זיך שטעלן אויפן טיש און אויסגערופן:

— זינג, שאָולקע, זינג פאַר די גוים דעם "שושנת יעקב", בעװייז װאָס דו קענסט, זינג מיט הארץ!

דֶער קְלֵיינֶער שָׁאוּלְקֶע הָאט בַּאלְד גֶעפָּאלְגְט. עֶר הָאט גֶענוּמֶען זִינְגֶען מִיט הַארְץ, זַיין זִיסֶע און קְלִינְגֶעדִיגֶע שְׁטִימֶע הָאט זִיךְ צוּגָאסְן אִיבֶּערְן צִימֶער און עֶס הָאט אַלֶעמֶען ווי עֶלֶעקְטְרִיזִירְט. די פּוֹיעֶרְן זַיינֶען גֶעזֶעסְן מִיט אַ אָפֶענֶעם מוֹיל און אָנְגֶעשְׁפִּיצְטֶע אוֹיעֶרְן און זִיךְ צוּגֶעהֶערְט מִיט גְרוֹיס פַּארְגֶענִיגְן.

בַּאלְד ווי שָׁאוּלְקֶע הָאט גֶעעֶנְדִיגְט זִינְגֶען, הָאט אוֹיסְגֶעהִילְכְט אַ גְרוֹיסֶע פַּאטְשֶׁערַיי מִיט אוֹיסְרוּפְן: בְּרַאוָוא! בְּרַאוָוא!

דַאן הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב צוּגֶערוּפְן דְרַיי פוּן די פּוֹיעֶרְן קִינְדֶער וָואס הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע און זֵיי גֶעפְרֶעגְט די נֶעמֶען.

— אִיךְ הֵייס אִיוַואן — הָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— און אִיךְ הֵייס סְטֶעפַּאן — הָאט דֶער צְוֵוייטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— און מַיין נָאמֶען אִיז אַנְטָאן — הָאט דֶער דְרִיטֶער אוֹיסְגֶערוּפְן.

— און אָט דֶעם אִינְגֶל, וֶועלְכֶער הָאט יֶעצְט פַאר אַייך גֶעזוּנְגֶען, רוּפְט מֶען שָׁאוּל — הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב צוּ זֵיי גֶעזָאגְט — בַּאקֶענְט זִיךְ אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן אוּן גֶעדֵיינְקֶט, דָאס פּוּנְקְט ווִי יֶעצְט הָאט אִיהר קֵיינֶער נִישְׁט אוֹיף דֶעם צְווַייטְן קֵיין שְׁלֶעכְטְן גֶעדַאנְק, אַזוֹי זָאלְט אִיהר אוֹיךְ שְׁפֶּעטֶער נִישְׁט טְרָאגְן קֵיין שְׁלֶעכְטֶס אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן.

בַּאלְד דֶערְנָאךְ הָאט דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב גֶעהֵייסְן פָּאהְרְן וַוייטֶער.

דִי גַאנְצְן וֶועג, הָאבְּן דִי תַּלְמִידִים גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין אַרֵיינְקְלֶערְן אוֹיף דִי וואוּנְדֶערְלִיכֶע פַּאסִירוּנְג אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, אוּן זֵיי הָאבְּן בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט גֶעקֶענְט פַּארְשְׁטֵיין וָואס דֶער צַדִיק הָאט דֶערְמִיט גֶעוָואלְט אוֹיפְטְהוּן. עֶס אִיז גֶעבְּלִיבְּן בַּיי זֵיי ווִי אַ רֶעטֶענִישׁ.

*

יָאהְרְן זַיינֶען אַרִיבֶּער, דֶער קְלֵיינֶער שָׁאוּלְקֶע אִיז עֶלְטֶער גֶעוָוארְן אוּן עֶר אִיז שׁוֹין בֶּעקַאנְט

הײנט אַלס רַבִּי שָׁאוּל, אַ איד אַ גְרוֹיסֶער תַּלְמִיד חָכָם ווי אויך אַ גְרוֹסֶער סוֹחֵר, וועלְכֶער פָּאהרְט אַרוּם אִיבֶּער פִּיהל לֶענְדֶער צוּ עֶרְלֵיידִיגְן זַיינֶע גְרוֹיסֶע גֶעשֶׁעפְטְן.

אִין אֵיינֶע פוּן זַיינֶע רַייזֶעס הָאט שָׁאוּל זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיפְן וֶועג פָּאהרְנְדִיג אַהֵיים. עֶס אִיז גֶעוֶוען פַּאר פּוּרִים אוּן רַבִּי שָׁאוּל הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ גֶעפִינֶען אִין שְׁטוּבּ אוֹיף פּוּרִים, ווִי זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז גֶעוֶוען. די וֶועג הָאט גֶעפִיהרְט דוּרְךְ אַ גְרוֹיסְן גֶעדִיכְטְן וַואלְד. מִיט אַמָאל קְרִיכְן אַרוֹיס פוּן צְווִישְׁן די בּוֹימֶער דְרַיי גַזְלָנִים, מִיט מֶעסֶערְס אוּן הֶעק אִין די הֶענְד, זֵיי פַאלְן אָן אוֹיף דֶעם אִידִישְׁן סוֹחֵר, בַּארוֹיבְּן אִיהם זַיין גֶעלְד אוּן בַּאלְד דֶערְנָאךְ בִּינְדְן זֵיי אִיהם צוּ צוּ אַ דִיקְן בּוֹים אוּן גְרֵייטְן זִיךְ צוּ אִיהם הַרְגֶענֶען.

רַבִּי שָׁאוּל בֶּעט זִיךְ בַּיי זֵיי מֶען זָאל נָאךְ וַוארְטְן אֵיינִיגֶע מִינוּטְן אֵיידֶער מֶען הַרְגֶעט אִיהם, עֶר ווִיל נָאךְ אָנְזָאגְן צוּ זָאגְן ווִידוּי. די רוֹצְחִים הָאבְּן אִיהם נָאכְגֶעגֶעבְּן.

מִיט גְרוֹיס גֶעוֵויין נֶעמְט רַבִּי שָׁאוּל זָאגְן

ווידוי, עֶס פְּליהֶען אִיהם אַ דוּרְךְ פַאַרְשִׁידֶענֶע גֶעדַאנְקֶען. שְׁנֶעל שְׁנֶעל, לֶעבְּט עֶר נָאכְאַמָאל דוּרְךְ פִיהל פַּאסִירוּנְגֶען. עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר ווִי אַזוֹי בַּיי אִיהם אִין שְׁטוּבּ וֶועט אוֹיסְזֶעהֶן דֶער פּוּרִים, וֶוען עֶר וֶועט נִישְׁט קוּמֶען צוּרִיק אַהֵיים, עֶר וֶועט שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט קֶענֶען הֶערֶן דִי מְגִילָה אוּן נִישְׁט שִׁיקֶן קֵיין מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת, נִישְׁט טֵיילֶן מֶעהר קֵיין מַתָּנוֹת לְאֶבְיוֹנִים, אוּן ווִי פוּן זִיךְ אַלֵיין הוֹיבְּט עֶר אָן צוּ זִינְגֶען "שׁוֹשַׁנַּת יַעֲקֹב" כְּדֵי דֶערְמִיט זִיךְ צוּ גֶעזֶעגֶענֶען פוּן דִי דָאזִיגֶע פַאלְשֶׁע וֶועלְט.

עֶר זִינְגְט מִיט גְרוֹיס מְתִיקוּת, מִיט הַארְץ, עֶר דֶערמָאנְט זִיךְ דִי גֶעשִׁיכְטֶע וָואס אִיז פָארְגֶעקוּמֶען מִיט אִיהם אַלְס אִינְגֶל, דַאן וֶוען עֶר אִיז פַארְבְּלִיבְּן בַּיים בַּעַל שֵׁם טוֹב אוּן זֵיי זַיינֶען גֶעפָאהְרֶן צוּ דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע וואו דֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב הָאט אִיהם גֶעהֵייסְן זִינְגֶען פַאר דִי פּוֹיעֶרִים. עֶר גֶעדֵיינְקְט אֲפִילוּ זֵייעֶרֶע נֶעמֶען, אֵיינֶער הָאט גֶעהֵייסְן אִיוַואן, דֶער אַנְדֶערֶער סְטֶעפַאן אוּן דֶער דְרִיטֶער אַנְטָאן.

רַבִּי שָׁאוּל זִינְגְט אַזוֹי מִיט פֶערְמַאכְטֶע אוֹיגְן אוּן וַוארְט יֶעדֶע סֶעקוּנְדֶע דֶער הַאק זָאל זִיךְ אַרָאפְּלָאזְן אוֹיף זַיין קָאפּ.

ער ענדיגט זינגען און עפנט אויף די אויגן, ער גיט א קוק, די גוים שטייען ווי פארשטיינערט, שטארק פערטראכט. ער קוקט זיי גוט אן און באלד דערקענט ער זיי. ער רופט אויס מיט וואונדער:

— דו ביסט דאך איוואן, און דו סטעפאן און דו אנטאן!

אבער די גוים האבן איהם שוין פון פריער דערקענט. ווי נאר ער האט אנגעהויבן צו זינגען דעם שושנת יעקב, האבן זיי זיך באלד דערמאנט די אלטע געשיכטע און זיי זיינען געבליבן ווי אנהענטיג. יעצט ווען ער האט דערמאנט זייערע נעמען, זיינען זיי איהם געפאלן צו די פיס און געבעטן מחילה.

מען האט איהם באלד אפגעבונדן פון די שטריק, צוריקגעקעהרט זיין גאנצן פארמעגן און ארויסבאגלייט פון וואלד צו דער הויפט שטראסע.

די דריי גזלנים האבן זיך ווארים געזעגנט מיט רבי שאול'ן און אויף זיין הייסע ביטע איהם

פַאַרְשְׁפְּרָאכְן צוּ אוֹיפְהֶערְן זִיךְ צוּ בַּאשֶׁעפְטִיגְן מִיט רוֹיבֶּעַרַיי.

עֶרְשְׁט יֶעצְט הָאט רַבִּי שָׁאוּל פֶערְשְׁטַאנֶען אוּן גֶעפִיהלְט דִי וַוייט זֶעהֶענְדִיגֶע אוֹיגְן פוּן דֶעם הֵיילִיגְן בַּעַל שֵׁם טוֹב. צוּלִיבּ וָואס עֶר הָאט אִיהם גֶעהֵייסְן בְּלַייבְּן עֶטְלִיכֶע טֶעג אוּן פַּאר וָואס עֶר הָאט אִיהם דַאן גֶעהֵייסְן זִינְגֶען פַאר דִי פּוֹיעֶרִים.

אַזַא פְרֵיילִיכְן פּוּרִים ווִי רַבִּי שָׁאוּל הָאט דָאס יָאהר גֶעפַייעֶרְט, הָאט עֶר נָאךְ בַּיי זַיין לֶעבְּן קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעפִילְט. עֶר אִיז גֶעוֶוען מַמָּשׁ מִמָּוֶת לְחַיִּים. עֶס אִיז מִיט אִיהם גֶעשֶׁעהן אַ נַייעֶר נֵס פּוּרִים וֶועלְכְן עֶר הָאט עֶרְשְׁט נָאר וָואס אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט.

# נישט פארלירן דעם בטחון

דאס שטעטל זשאשקאוו האט זיך איבערגענומען פון אנדערע שטעטלאך אין אוקריינע מיט איהר צוקער פאבריק, וועלכע האט געגעבן פרנסה א האלבע שטאט — מיט איהר גביר אדיר, וועלכן מען האט געשאצט אויף הונדערט טויזנט רובל. אויך מיט איהר פערד־יריד אויף וועלכן מען פלעגט קומען פון מרחקים איינקויפן פערד. אויך מיט איהר פאסט, מיט דעם דאקטער און דעם אפטייקער. אבער פון אלץ און אלעמען האבן די זשאשקאווער זיך געגרויסט מיט אונזער רבי פנחס שוחט, אדער ווי אנדערע האבן איהם גערופן רבי פנחס דיין.

געווען איז ער א איד מיט א הדרת פנים, מיט א לאנגער, ברייטער גרויליכער בארד און א פאר אויגן פון וועלכע עס האט געשטראמט ליכטיגע

חָכְמָה און אַ יַם מִיט וַוייכְקַייט און גוּטְסְקַייט. עֶר אִיז גֶעוֶוען בַּאוואוּסְט אַרוּם דִי גְרֶענִיצְן פוּן זְשָׁאשְׁקָאוו, און אֲפִילוּ אִיבֶּער דִי גְרֶענִיצְן פוּן קִיעֶוו, דִי הוֹיפְּט שְׁטָאט פוּן דֶער גוּבֶּערְנִיֶע. אוֹיסֶער וָואס רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער תַּלְמִיד חָכָם, אִיז עֶר גֶעוֶוען בַּאוואוּסְט מִיט זַיין פִּקְחוּת אִין "מִילֵי דְעַלְמָא". פוּן נָאנְט און פוּן וַוייט פְלֶעגְט מֶען אִיהם רוּפְן צוּ אַ לַאדֶענִישׁ, בּוֹררוּת אָדֶער צוּ זַיין אַ "שָׁלִישׁ".

גַאנְצֶע פֶּעק גֶעשִׁיכְטֶעס זַיינֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען וֶועגְן זַיינֶע אַיינְפַאלְן, הַמְצָאוֹת און קְלוּגֶע וֶועגְן מִיט וֶועלְכֶע עֶר פְלֶעגְט אוֹיסְגְלַייכְן דִי פַּארְדְרֵייטֶע און פַארְפְּלָאנְטֶערְטֶע מִסְחָרִים און עִנְיָנִים. בּוּכְהַאלְטֶער'ס, אַדְוָואקַאטְן און גְרוֹיסֶע סוֹחֲרִים הָאבְּן נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען אַ וֶועג, ווִי אַזוֹי פוּנַאנְדֶערְצוּווִיקְלֶען דֶעם קְנוֹיל, הָאט מֶען גֶערוּפְן רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט, און עֶר מִיט זַיין "שֵׂכֶל הַיָשָׁר" הָאט שׁוֹין גֶעפוּנֶען אַ פְּשָׁרָה, וֶועלְכֶע הָאט צוּפְרִידְנְגֶעשְׁטֶעלְט בֵּיידֶע צְדָדִים. פַאר זַיין פִּקְחוּת און לוֹמְדוּת הָאבְּן אִידְן אִיהם אָפְּגֶעגֶעבְּן גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ און טִיפֶע לִיבְּשַׁאפְט.

זַיין הויז איז גֶעוֶוען אָפְן פַאר יֶעדְן. אויב אַ איד הָאט גֶעעֶפְנְט די טְהִיר הָאט מֶען אִיהם גְלַייךְ גֶעזֶעצְט נֶעבְּן דֶעם לַאנְגְן טִיש, וואו עֶר הָאט שׁוין גֶעפונֶען אַ דְרַיי פִיר אַנְדֶערֶע עֶסֶערְס. אָט דֶער טִישׁ איז גֶעוֶוען אַ שֵׁם דָבָר. עֶר אִיז גֶעמַאכְט גֶעוָוארְן פון לַאנְגֶע גֶעהובֶּלְטֶע בְּרֶעטֶער און אִיז בַּאדֶעקְט גֶעוָוארְן אִין דֶער וָואכְן מִיט אַ רויטְן טִישְׁטַאךְ און שַׁבָּת און יום טוב מִיט אַ וַוייסְן טִישְׁטַאךְ.

ווִי אַזוֹי הָאט עֶס רַבִּי פִּנְחָס שׁוחֵט גֶעקֶענְט בַּאוַוייזְן צוּ גֶעבְן עֶסְן פַאר אַזוֹי פִיל אִידְן אָן עַיִן הָרָע? פַאר די אַלֶע לַאדֶענִישׁ, בּוֹרְרוּת און פַאר זַיין "שָׁלִישׁ" פְלֶעגְט עֶר זֶעלְטְן קְרִיגְן אִין מְזוּמָנִים. די אִידְן זַיינֶען צוּם מֶערְסְטְן גֶעוֶוען דָארְפְס־אִידְן, פֶעלְד־אִידְן, פַּאכְטֶערְס און אֵייגְנְטִימֶער פון מִילְן. נָאךְ די לַאדֶענִישְׁן פְלֶעגְן זֵיי צוּשִׁיקְן גַאנְצֶע פורְן מִיט אַלְץ, וָואס אַ דָארְף אִיז גֶעבֶּענְטְשְׁט, און רַבִּי פִּנְחָס, אַנְשְׁטָאט צוּ פַארְקוֹיפְן די אַלֶע זַאכְן און קְרִיגְן מְזוּמָנִים, הָאט עֶר גֶעעֶפְנְט זַיין הויז פַאר בַּאדֶערְפְטִיגֶע און גֶעוָוארְן דֶער גְרוֹיסֶער מַכְנִיס אוֹרַח. די קַאמֶערְס און קֶעלֶערְס פון רַבִּי פִּנְחָס'עס הויז זַיינֶען שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען פוּהל מִיט אַלֶערְלֵיי

עֶסנֶוואַרג, אֲפִילוּ פֶּעסְלַאךְ ווישְׁנִיאַק און בְּרָאנְפְּן הָאבְּן אָנְגֶעפִילְט די פָּאלִיצֶעס און רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט הָאט צו יֶעדֶער צַייט גֶעקֶענְט פְּרַאוֶועןְ אַ סְעוּדָה פַאר אַ שְׁטָאט מִיט מֶענְטְשְׁן ווי אַ גְבִיר אַדִיר.

דָאס יָאהר תרמ״א הָאט זיךְ אַרָאפְּגֶעלָאזְט אויף רוּסְלַאנְד, ווי אַ שְׁלַאקְס רֶעגְן אִינְמִיטְן אַ קְלָארְן טָאג. — דֶער מֶלֶךְ חֶסֶד אַלֶעקְסַאנְדֶער דֶעם צְווייטְן הָאבְּן רֶעוָואלוּצְיָאנֶערְן גֶעהַרְגֶעט. אויף דֶעם טְרָאן איז אַרויף זַיין זוהן, אַלֶעקְסַאנְדֶער דֶער דְרִיטֶער, אַ אוּמְווִיסְנְדֶער און גְרוֹיזַאמֶער בַּארְבַּאר. אִין אֵייְרָאפֶּע הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפְן: ״דֶער בַּארְבַּאר פוּן אֵייְרָאפֶּע״. זַיין ווילְדֶע רְצִיחָה הָאט עֶר אויף דֶעם גַאנְצְן רוּסִישְׁן פָּאלְק נִישְׁט גֶעקֶענְט אויסְלָאזְן, הָאט עֶר עֶס אויסְגֶעלָאזְט אויף דֶעם אִידִישְׁן פָּאלְק. עֶר הָאט זיךְ אַרוּמְגֶערִינְגְלְט מִיט עֵצָה־גֶעבֶּער אַזֶעלְכֶע רְשָׁעִים און רוֹצְחִים ווִי עֶר, און זֵיי הָאבְּן אִיהם גֶעווִיזְן ווִי אַזוֹי אָנְצוּטְהוּן אִידְן צָרוֹת.

אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט זיךְ צְווִישְׁן זֵיי אויסְגֶעצֵייכְנְט דֶער טְרוֹיעֶרִיגֶער בַּארִימְטֶער רָשָׁע, גְרַאף אִיגְנַאטִיעֶוו, וֶועלְכֶער אִיז גֶעוָוארְן

אַלֶעקסאַנדֶערס רֶעכטֶע האַנט. עֶר הָאט אַרוֹיסגֶעגֶעבְּן די בַּארִימְטֶע גְזֵירוֹת פון תרמ״א, וֶועלכֶע הָאבְּן בַּארוֹיבְּט די אִידְן פון אַלֶע רֶעכְט פון צוּ וואוֹינֶען אִין דֶערְפֶער און אִין רוּסִישֶׁע גוּבֶּערְנִיֶעס, פון זיך נִישְׁט צוּרִירְן צוּ פַארְשִׁידֶענֶע פַּרְנָסוֹת און אַרוֹיסְטְרַייבְּן זֵיי פון מָאסְקְוֶוע. די גְזֵירוֹת הָאבְּן זיך אָנְגֶעהוֹיבְּן מִיט פָּאגְרָאמֶען אוֹיף אִידְן, צוּם עֶרְשְׁט אִין די גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט, און דֶערְנָאך אִין די קְלֶענֶערֶע שְׁטֶעטְלַאך.

בַּאנְדֶעס רוֹצְחִים זַיינֶען גֶעפָארְן פון שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט אוֹיף וַואגָאנֶען און וֶועגֶענֶער, וָואס די פָּאלִיצֵיי הָאט פַאר זֵיי צוּגֶעגְרֵייט, און וואו זֵיי הָאבְּן זיך אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט הָאט מֶען גֶערַאבֶּעוֶועט אִידִישׁ הָאב און גוּטְס; מֶען הָאט חָרוּב גֶעמַאכְט אִידִישֶׁע הַייזֶער און אִיבֶּערְגֶעלָאזְט פִּיל פַארְוואוּנְדֶעטֶע און אֲפִילוּ אוֹיך הֲרוּגִים.

אַ גְרוֹיסֶער פַּחַד אִיז בַּאפַאלְן די אִידְן פון אוּקְרַאינֶע. פַאר די עֶטְלִיכֶע יָאר פון אַלֶעקְסַאנְדֶער דֶעם צְוֵוייטְנְס הֶערְשַׁאפְט, הָאבְּן אִידְן אַבִּיסְל אָפְּגֶעכַאפְּט דֶעם אָטֶעם נָאך נִיקָאלַיי׳ס גְרוֹיזַאמֶע הֶערְשַׁאפְט, מֶען הָאט פַארְגְרִינְגֶערְט אַבִּיסְל דֶעם

שְׁוועֶרְן בִּיטֶערְן יָאךְ און מֶען הָאט גֶעהָאפְּט אויף בֶּעסֶערֶע צַייטְן. מִיטְאַמָאל הָאט זִיךְ דִי לַאגֶע פַארְעֶרְגֶערְט. אִידְן זַיינֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען טָאג און נַאכְט מִיט אַ נַאגֶנְדִיגֶער שְׁרֶעק און טִיפֶער פַארְצְוֶוייפְלוּנְג, אַז אָט אָט, רַייסְן זִיךְ אַרַיין דִי ווילְדֶע חַיוֹת אִין גֶעשְׁטַאלְט פוּן מֶענְטְשְׁן און טְהוּעֶן מִיט זֵיי וָואס אַ ווילְדֶע חַיָה טְהוּט...

קֵיין פִירֶערְשַׁאפְט הָאבְּן דִי אִידְן פוּן אוקְרַאינֶע נִישְׁט גֶעהַאט, יֶעדֶער הָאט גֶעהַאנְדְלְט ווִי עֶר הָאט פַארְשְׁטַאנֶען. פִיל זַיינֶען דַאן אַנְטְלָאפְן קֵיין אַמֶעריקֶע און דִי וֶועלְכֶע זַיינֶען פַארְבְּלִיבְּן זַיינֶען אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אִין אֵיין צִיטֶערְנִישׁ און מִיט הֶערְצֶער פוּהל מִיט פַּחַד און יֵאוּשׁ.

דֶערְוַוייל אִיז אָנְגֶעקוּמֶען דֶער פּוּרִים. אִין דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע יָארְן פְלֶעגְט זִיךְ שׁוֹין רַעשׁ'ן און טוּמְלֶען. וַוייבֶּער זַיינֶען גֶעלָאפְן, גֶעזוּכְט, גֶענִישְׁטֶערְט, אַרַיינְגֶעכַאפְּט מְצִיאוֹת און זֵיי גֶעהַאלְטְן לְכָבוֹד דֶער פּוּרִימְדִיגֶער סְעוּדָה און מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת. דָאס יָאר אִיז גֶעוֶוען שַׁא שְׁטִיל. עֶס אִיז קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעלֶעגְן אִין זִינֶען אַרוּמְצוּגֵיין אִיבֶּער דִי קְלֵייטְן און אַיינְהַאנְדְלֶען מַאנְדְלֶען, נִיס,

ראַזשינקעס און אַנדערע זאַכן פאַר המן־טאַשן.

תענית אסתר אין דערפרי זײַנען די פיר שוהלן פון זשאשקאוו געווען איבערפולט מיט דאַוונערס. אלע זייער פאַרביטערטע, מיט צובראָכענע הערצער האָבן זיי אויסגעלאָזט אין די סליחות און געבעטן הילף און רעטונג פון דעם רבונו של עולם. די געוויינען און ילְלות האָבן געקענט שפאלטן הימלען. קיינער האָט נישט געזוכט קיין היתר זיך אַרויסצודרייען פון פאַסטן. מען האָט געפאַסט מקטן ועד גדול. די שרעק איז געווען גאָר גרויס, ווייל שושן פורים האָט זיך געשטעלט דער גרויסער יריד. דאָס איז געווען דער לעצטער יריד, איידער די בלאָטעס הויבן זיך אָן. פון ווייטע מקומות קומט מען אַראָפּ אײַנקויפן פאַר פעלד אַרבעט און פיהל אַנדערע זאַכן, ווייל ווער ווייסט, ווי לאַנג מען וועט זײַן פאַרשפאַרט אין די דערפער און נישט קענען אַרויספאָרן.

פיהל שטעטלאך האָבן מקנא געווען די זשאַשקאָווער פאַר דעם דאָזיגן יריד. עפּעס אַ קלייניגקייט? אַזאַ שפע! פון דעם יריד אַליין קען מען שוין אַרײַנברענגען דעם ליבן פסח, מיט אַלע

קְלַאפֶּערְגֶעצַייגְן. דָאס יָאהר הָאבְּן אָבֶּער דִי זְשָׁאשְׁקָאווער אִידְן גֶעצִיטֶערְט; וֶוער וֵוייסְט וֶוער דִי פְרֶעמְדֶע זַיינֶען? צוּלִיבּ וָואס זֵיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען? אוּן וָואס זֵיי טְרָאגְן מִיט? דִי הֶערְצֶער הָאבְּן גֶעצִיטֶערְט אוּן גֶענָאגְט. צוּ מִנְחָה זַיינֶען שׁוֹין וַוייטֶער דִי שׁוּהלְן גֶעוֶוען גֶעפַּאקְט. מֶען הָאט גֶעלֵייעֶנְט "וַיְחַל" אוּן מֶען הָאט גֶעוַוארְט צוּ לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָה..

רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט אִיז גֶעזֶעסְן אוֹיף זַיין "שְׁטָאט" נֶעבְּן אָרוֹן קוֹדֶשׁ אוּן מִיט אַ טִיפֶער זָארְג גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם עוֹלָם.

— וֵויי, וֵויי, וָואס עֶס אִיז אִין אַ קוּרְצֶער זַייט גֶעוָוארְן פוּן אַ עֵדָה אִידְן? וואוּ אִיז דֶער רַעַשׁ אוּן גֶעפִּילְדֶער, וָואס פְּלֶעגְט אַמָאל זַיין אִין שׁוּהל, וֶוען מֶען הָאט גֶעוַוארְט פַּאר דִי מְגִילָה? אֲפִילוּ דִי קִינְדֶער זַיינֶען גֶעוֶוען זֵייעֶר שְׁטִיל. זְעהט נָאר דִי מָרָה שְׁחוֹרָה וָואס עֶס רוּהט אוֹיף זֵיי; גְלַייךְ ווִי יֶעדֶער הָאפְנוּנְג אִיז שׁוֹין פַאר זֵיי אוֹיסְגֶעגְלָאשְׁן. מֶען מוּז זֵיי שְׁטַארְקְן. זֵיי זָאלְן בֶּעטְן ג־ט עֶר זָאל זִיךְ אוֹיף זֵיי מְרַחֵם זַיין.

נישט װיסנדיג אָדער פילנדיג װאָס ער טהוט, האט ער זיך אױפגעהױבן פון זײן פּלאַץ און זיך געלאָזט גײן צום באַלעמער.

— רבותי, — האט רבי פּנחס שוחט אָנגעהױבן — װי איהר אַלע װײסט, בין איך נישט קײן מגיד און נישט קײן בעל דרשן, אָבער װאס איך האָב איצט דערזען האט מיר אָנגעפילט אַזא צער און הארץ קלעמעניש, אַז די װערטער קומען אַרױס פון זיך אַלײן. איך פאַרשטײ גוט אײער שרעק און פאַרצװײפלונג װאָס עס הערשט צװישן אײך. אָבער ברידער טײערע, זאָגט מיר, איז דאס בײ אידן אַ נײעס? װען האבן עס טאטעס און זײדעס אױסגעלעבט זײערע יאָהרן אין שלום ושלוה? װעלכער אידישער דור איז אַװעק פון דער װעלט אָן אַ שרעק און אָן אַנגסטן? מיט װאס זײנען מיר בעסער פון זײ? אָט גײען מיר לײענען די מגילה; פאַרגלײכט זײער אַמאליגע לאגע צו אונזערע. דעמאלס האט דער רשע געװאָלט "לַהֲרוֹג וּלְאַבֵּד". אסתר המלכה איז צופרידן געװען פאַרקױפט צו װערן פאַר אַ דינסט אַבי דעם נפש צו ראַטעװען. אַז מען לעבט, לעבן די

הָאפֶּענוּנְגֶען און מִיר טָארְן אוּנְזֶער בִּטָחוֹן אוֹיךְ נִישְׁט פַארְלִירְן. קוֹים אִיז דָאס אַ גְזֵירָה פוּן גָ־ט דַארְפְן מִיר עֶס אָנְנֶעמֶען פַאר לִיבּ. זַייט נִישְׁט טְרוֹיעֶרִיג אִין אַ יוֹם טוֹב וִוי פּוּרִים. אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, וִוי מֶעכְטִיג זֵיי זָאלְן נִישְׁט זַיין, קְרִיגְן דָאךְ זֵייעֶר וִויסְטֶע מַפָּלָה. טָא, לָאמִיר אוֹיפְנֶעמֶען דֶעם פּוּרִים, וִוי עֶס בַּאדַארְף צוּ זַיין, מִיט פְרֵיילַאכְקַייט און מוּנְטֶערְקַייט, און שְׁלָאגְט נִישְׁט דִי אַמָאלִיגֶע הָמָן׳ס נָאר דִי הַיינְטִיגֶע... לָאזְט אַלְץ אִיבֶּער צוּם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, און מִיטְן רִיכְטִיגְן בִּטָחוֹן וֶועט הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ הֶעלְפְן און עֶר וֶועט אוּנְז גֶעבְּן דֶעם אֱמֶתְן דַעַת וָואס צוּ טְהוּן.

פְּרָאסְטֶע פָּשׁוּטֶע וֶוערְטֶער, אָן מְלִיצוֹת און אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין גֶעפְלִיגְלְטֶע, דָאךְ הָאבְּן דִי וֶוערְטֶער אַדוּרְכְגֶענוּמֶען דִי פַארְזַאמְלְטֶע און זֵיי אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט וִוי פְרִישֶׁע, קִילֶע וַואסֶערְן אִין אַ הֵייסְן טָאג. קֶעפּ הָאבְּן זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן, אוֹיגְן הָאבְּן אָנְגֶעהוֹיבְּן פִּינְקְלֶען; עֶס הָאבְּן זִיךְ דֶערְהֶערְט פִּיל קְרֶעכְצְן, אָבֶער דָאס זַיינֶען שׁוֹין גֶעוֶוען קְרֶעכְצְן, וִוי מֶען וֶוערְט בַּאפְרַייט פוּן אַ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא. דָא און דָארְט הָאבְּן שׁוֹין קִינְדֶער אַ שְׁטִיף

גֶעטְהוּן, אַ לַאךְ גֶעטְהוּן, אוּן דִי עֶלְטֶערְן הָאבְּן זֵיי נִישְׁט בַּאגְרִיסְט מִיט פַארְזוֹיעֶרְטֶע פֶּנִים'עֶר. אַ יוֹם טוֹב'דִיגֶער גֶעמִיט הָאט אַרָאפְּגֶענִידֶערְט.

דִי מְגִילָה הָאט מֶען שׁוֹין גֶעלֵייעֶנְט, וְוִי אִין דִי אַלְטֶע צַייטְן. דִי קִינְדֶער הָאבְּן מַרְעִישׁ עוֹלָם גֶעוֶוען אוּן דִי עֶלְטְסְטֶע זַיינֶען נִישְׁט אָפְּגֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעקְלַאפְּט דִי הָמָנ'ס מִיט דִי וַיְזָתָא'ס.

פַאר עָלֵינוּ הָאט דֶער שַׁמָשׁ דְרַיי מָאל אַ קְלַאפּ גֶעטְהוּן אִיבֶּער דֶעם בַּאלֶעמֶער אוּן עֶס אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארְן.

— רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט פַארְבֶּעט דֶעם גַאנְצְן עוֹלָם מָארְגְן צוּ דֶער פּוּרִים־סְעוּדָה אוּן יֶעדֶער קֶען מִיטְבְּרֵיינְגֶען זַיין בְּנֵי בַּיִת.

וֶוען רַבִּי פִּנְחָס הָאט גֶעדַארְפְט פְּרַאוֶוען אַ סְעוּדָה הָאט עֶר נִישְׁט בַּאדַארְפְט לוֹיפְן אַיינְקוֹיפְן. אַלְץ אִיז גֶעוֶוען לָרוֹב אִין דִי קַאמֶערְן.

— נֶעם דִי אִינְדִיקֶעס, הִינֶער אוּן גֶענְז וֶועלְכֶע דוּ הָאדֶעוֶועסְט — הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין

פְּלונִית׳טֶע — און אִיךְ וֶועל זַיי שֶׁחְטְן לְכָבוֹד פּוּרִים.

בִּיז דְרַיי אַ זֵייגֶער בַּיינַאכְט אִיז רַבִּי פִּנְחָס גֶעזֶעסְן און גֶעלֶערְנְט. זַיין שְׁטִימֶע אִיז גֶעוֶוען פוּל מִיט בִּטָחוֹן און הָאפֶענוּנְג. אִין דֶער זֶעלְבֶּער צַייט הָאט זַיין פְרוֹי מִיט דִי טֶעכְטֶער און דְרַיי שְׁכֵנוֹת גֶעהַאלְטְן אִין פוּהלְן בְּרֶען פוּן דִי אַרְבֶּעט, בַּאקְן, קָאכְן און בְּרָאטְן.

פִּיל אִידְן אִין זְשָׁאשְׁקָאוו הָאבְּן גֶעהַאט אַ חֲזָקָה אוֹיף פְּרַאוֶוען דִי פּוּרִים סְעוּדָה. אַ פָּאר טֶעג פַאר פּוּרִים פְּלֶעגְט אַ אִינְגְל אָדֶער אַ מֵיידְל גֵיין פוּן אֵיין קָרוֹב אָדֶער פְרַיינְד צוּם צְוֵוייטְן און זָאגְן:

— דֶער טַאטֶע און דִי מַאמֶע בֶּעטְן אַייךְ קוּמֶען צוּ דֶער פּוּרִים סְעוּדָה.

דָאס יָאר הָאבְּן פִּיל פָּשׁוּט נִישְׁט אִינְזִינֶען גֶעהַאט צוּ פְּרַאוֶוען אַ פּוּרִים סְעוּדָה און מֶען הָאט זִיךְ נִישְׁט צוּגֶעגְרֵייט.

נָאךְ מִיטָאג הָאבְּן זִיךְ דִי קְלֵייטְן אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּמַאכְן און דִי בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת הָאבְּן אַוֶועקְגֶעלֵייגְט

זײער געצײג. רבי פּנחס׳עס הויז האט זיך אנגעהויבן אנפילן מיט די פאַרבעטענע. עס זײנען געקומען פיל פײנע בעלי־בתים, אבער נאך מער זײנען געקומען די שטאַרקע חברה־לײט צװישן זײ האבן זיך באַזונדערס אנגעזען די "טויבעניאַטעס" — זיבן זין פון טויבע דער הינער הענדלערן. זיבן גבורים, װעגן װעלכע פּעק מיט געשיכטעס פון זײערע גבורות זײנען אַרומגעגאַנגען. מען האט געגעסן און געטרונקען, געזונגען און געטאַנצט אין די געפּאַקטע צימערן. פון צײט צו צײט פלעגט רבי פּנחס רעדן צו דער חברה:

— אויב מאָרגן, װעלן פּאַרקומען די געװײנליכע יריד קריגערײען, פּאַרשװײגט! מיר זײנען דאך אין ביטערן גלות. נאר אויב עס װעט זיך פאַרלויפן עפּעס אויסערגעװײנליכעס, דאס הײסט שוין פּקוח נפש — מוזן מיר זיך שטאַרקן קעגן זײ און ג־ט װעט אונז העלפן.

שושן פורים אין דערפרי, איז שוין דער יריד געװען צולײגט אין דער ברײט און לײנג פון זשאַשקאָװ. די קלײטן זײנען געװען אנגעפילט

מִיט קוֹנִים אוּן עֶס הָאט גֶעהִילְכְט מִיט דֶעם הִירְזְשֶׁען פוּן פֶערְד, אוּן מִיט דֶעם דִינְגֶענִיש פוּן קוֹיפֶערְס אוּן פַארְקוֹיפֶערְס. שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ גֶעוָוארְפְן אִין דִי אוֹיגְן אַ קָאמְפַּאנְיֶע פוּן אַ פוּפְצְן־צְוַואנְצִיג שְׁקָצִים, וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ גֶעהַאלְטְן צוּזַאמֶען. זֵיי הָאבְּן זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט נֶעבְּן פִיל קְלֵייטְן, זֵיי בַּאטְרַאכְט פוּן אַלֶע זַייטְן, אָבֶער נִישְׁט אַרַיין אִין קְלֵייט עֶפֶּעס קוֹיפְן. עֶס הָאט נִישְׁט גֶענוּמֶען לַאנְג אוּן דִי זִיבְּן בְּרִידֶער הָאבְּן פוּן דֶערְוַוייטְנְס זֵיי נָאכְגֶעפָאלְגְט, אוּן אַבִּיסְל וַוייטֶער הִינְטֶער זֵיי זַיינֶען אַ צְוַואנְצִיג יוּנְגֶען, שְׁמִידְן אוּן סְטָאלֶערְס זֵיי נָאכְגֶעגַאנְגֶען. מִיטָאג צַייט הָאבְּן דִי שְׁקָצִים זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט נֶעבְּן הִינְדֶע דֶער "זִיסֶער'ס" שְׁטֶעלֶעכְל, וֶועלְכֶע הָאט פַארְקוֹיפְט צוּקֶערְקֶעס אוּן לֶעקֶעכְלַאךְ. פַּאר אַ וַויילֶע זַיינֶען זֵיי גֶעשְׁטַאנֶען אוּן גֶעקוּקְט, אוּן פְּלוּצִים אִיז אֵיינֶער פוּן זֵיי אַנִידֶערְגֶעפַאלְן פַארְטְשֶׁעפֶּענְדִיג זִיךְ אִין דֶעם שְׁטֶעלֶעכְל אוּן עֶס אִיבֶּערְגֶעקֶערְט, אוּן דִי גַאנְצֶע סְחוֹרָה אִיז צוּשָׁאטְן גֶעוָוארְן אוֹיף דֶער שְׁנֵיי. הִינְדֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן שְׁרַייעֶן מִיט בַּאנוּמֶענֶע קוֹלוֹת. דִי שְׁקָצִים הָאבְּן אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אַ ווִילְדְן גֶעלֶעכְטֶער, גֶעשְׁלֶעפְּט

צוקערקעס פון שנײ און דערװײל שוין איבערגעקערט נאך א פיר־פינף שטעלעכלאך און דערבײ געשריען הויך אויף א קול:

— "קריסטיאנע פראװאסלאװנע". נעמט װאס עס גלוסט זיך אײך! עס איז ערלויבט... און אלײן האבן זײ זיך געלאזט גײן צו די קלײטן. דאס איז שוין געװען אזא צײכן פון א אנהויב פון א פאגראם.

אבער, נאך אײדער זײ האבן דערגרײכט די ערשטע קלײט, זײנען פאר זײ שוין געשטאנען די זיבן ברידער און װערטער האבן זײ אנגעהויבן דערלאנגען מיט די קולאקעס אין די זײטן און איבער די קעפ. יעדער קלאפ איז געװען, װי פון א בלײענעם האמער. קײן צװײ מאל האבן זײ נישט געדארפט דערלאנגען. פון דעם ערשטן קלאפ איז שוין דער שקץ געלעגן אויסגעצויגן. תוך כדי דבור, האבן זיך באװיזן די יונגען און ארויסגעשלעפט די באהאלטענע מעסער׳ס פון די צושלאגענע שקצים.

די פויערים האבן נישט געהאט קײן צײט צו

בּאגרייפן, וואס דא קומט פאר. די שקצים האט מען אריינגעשלעפּט אין יחיאל׳ס קעלער. דארטן האט מען זיי דערלאנגט טרוקענע קלעפּ. זיי האבן געדיינקט, אז אויך דא וועט דורכגיין ווי אין אנדערע פלעצער. זיי וועלן אומווארפן עטליכע שטעלעכלאך און פויערים וועלן זיך ווארפן כאפן די צוּוואָרפענע סחורות.

דער טאג איז אריבער בשלום. אידן האבן געקראגן מוט, געקוקט זייערע גויאישע קונים גלייך אין די אויגן, און זיך אפילו נישט אפּגעהאלטן דורכוועוערטלען מיט א הארבן קונה.

וואס עס איז זיך פארלאפן איז זשאשקאוו האט זיך באלד פארשפּרייט איבער אלע שטעטלאך און אידן האבן אנגעהויבן דערלאנגען צוריק. די גוים ארום האבן אנגעוואוירן דעם חשק פון נעמען אידיש האב און גוטס.

ספירה צייט, ווען דער מאקאראווער רבי זצ״ל איז דורכגעפארן זשאשקאוו, האט ער געזאגט צו רבי פנחס שוחט:

— פּנחס, איך האב געהערט וואס דו האסט

אויפְגֶעטְהוּן מִיט דַיין פּוּרִים־סְעוּדָה. וִוי דוּ הָאסְט גֶעשְׁטַארְקְט די אִידְן אִין זֵייעֶר בִּטָחוֹן אִין גָ־ט און גֶעהוֹיבְּן זֵייעֶר קוּרַאזְשׁ. בֶּענְטְשׁ אִיךְ דִיר, אַז פַּאר פִילֶע דוֹרוֹת זָאלְן דַיינֶע קִינְדֶער זַיין פִירֶערְס און וָוארְט־זָאגֶערְס בַּיי אִידְן.

דֶעם רֶבִּינְס בְּרָכָה אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארְן. פוּן רַבִּי פִּנְחָס שׁוֹחֵט זַיינֶען אַרוֹיס דַיָינִים און שׁוֹחֲטִים וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ גְרוֹיס גֶעהַאלְטְן מִיט זֵייעֶר זֵיידְן.

# בָּרוּךְ... הָמָן

פון אֵייבִּיגֶע צַייטְן אָן, כִּמְעַט אִין יֶעדְן דוֹר, נָאךְ בִּיז הַיינְטִיגְן טָאג שְׁפְּרָאצְן אַרוֹיס וְוי פוּן אוּנְטֶער דֶער עֶרְד אַלֶע עֶרְלֵיי גְרוֹיזַאמֶע שׂוֹנְאִים און פַארְבִּיסֶענֶע אִידְן־פַיינְד, וֶועלְכֶע ווִילְן פַארְנִיכְטְן און אָפְּמֶעקְן דֶעם אִידִישְׁן נָאמֶען פוּן דֶער וֶועלְט. אַ סַאךְ אַזֶעלְכֶע זַיינֶען שׁוֹין לַאנְג פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן און קֵיין זֵכֶר אִיז פוּן זֵיי נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן, אוֹיסֶער זֵייעֶר שֶׁענְדְלִיכֶער נָאמֶען וָואס אִיז פַארְצֵייכְנְט גֶעוָוארְן אִין דֶער אִידִישֶׁע גֶעשִׁיכְטֶע צוּ אֵייבִּיגֶע קְלָלָה.

אִין רַאדֶע, אַ שְׁטֶעטְל אוֹיף דֶער גְרֶענִיץ צְוִוישְׁן פּוֹילְן און דַייטְשְׁלַאנְד הָאט גֶעוואוֹינְט אַ רַייכֶער פִירְשְׁט, מִיטְן נָאמֶען יַאן סַאבִּיֶעסְקִי, וֶועלְכֶער הָאט פַארְמָאגְט גִיטֶער און אוֹצָרוֹת, שְׁטֶעט און דֶערְפֶער, וֶועמֶענְס אֵיינְוואוֹינֶער הָאבְּן

זיך גערעכנט פאר זיינע קנעכט און אונטערטאנען.

דער פירשט סאביעסקי האט ארויסגעוויזן גרויס פארדארבנקייט מיט אכזריות צו אלע איינוואוינער פון זיין הערשאפט און בעזונדער צו אידן. אין די חגא־טעג, ווען דער פירשט פלעגט פיהל טרינקען און ער האט געוואלט זיך לוסטיג מאכן און פרייליך פארברייינגען, דאן פלעגט ער צונויפרופן נעבן זיין הויף פיהל אידן. נאך איידער זיי פלעגן אריינקומען אין הויף, האט ער ארויס געשיקט קעגן זיי בייזע הינט כדי צו אנפאלן אויף די צושראקענע אידן. ער אליין, איז זיך געשטאנען אין הויף און געשעפט נחת פון זיין "ערפינדונג", ער האט געהאט גרויס הנאה דערפון.

אזוינע טרויעריגע סצענעס און נאך פיהל אנדערע איינפאלן פלעגן זיך אפטמאל איבערחזרן אין שטאט און האבן שטארק דערנידערט די אידן און פארביטערט זייער לעבן.

א ראטגעבער האט דער פירשט סאביעסקי געהאט, א געוויסער קאזיצקי וועלכער איז געווען נאך ערגער פון איהם. ער האט איבערגעשטיגן

מִיט זַיין אַכְזָרִיוּת און שְׁלַאנְגֶען־גִיפְט זַיין "הוֹיכְגֶעשֶׁעצְטְן הַאר", עֶס אִיז גָאר אַ סְבָרָה גֶעוֶוען אַז פִּירְשְׁט סַאבִּיֶעסְקִי אַלֵיין אִיז נִישְׁט אַזַא שׂוֹנֵא יִשְׂרָאֵל, נָאר עֶס קוּמְט פוּן דִי ווִירְקוּנְג פוּן קָאזִיצְקִי'ן, אַז אַלֶע צָרוֹת און אוּמְגְלִיקְן וָואס זַיינֶען גֶעפַאלְן אוֹיף אִידִישֶׁע קֶעפּ הָאבְּן גֶעשְׁטַאמְט פוּן אִיהם. צוּלִיבּ זַיינֶע הֶעצֶעס פְלֶעגְט דֶער פִּירְשְׁט אַרוֹיסְגֶעבְּן יֶעדֶע שְׁטִיקְל צַייט עֶפֶּעס אַ נַייֶע גְזֵירָה אוֹיף אִידְן. דֶערִיבֶּער הָאט עֶר טַאקֶע קֵיין אַנְדֶערְן נָאמֶען נִישְׁט גֶעקְרָאגְן בַּיי אִידְן ווִי הָמָן. פּוּנְקְט ווִי הָמָן הָרָשָׁע אִין זַיין צַייט, הָאט זִיךְ אוֹיךְ דֶער דָאזִיגֶער שׂוֹנֵא אַרוּמְגֶעטְרָאגְן מִיט בֵּייזֶע גֶעדַאנְקֶען, וֶועגְן אוֹיסְרַאטְן דִי אִידְן און זֵיי פַארְנִיכְטְן.

גֵייעֶנְדִיג אַמָאל אִין גַאס, הָאט זִיךְ צוּ זַיינֶע אוֹיעֶרְן דֶערְטְרָאגְן עֶפֶּעס אַ נִיגוּנְדְל מִיט וֶוערְטֶער וָואס עֶטְלִיכֶע אִידְן הָאבְּן אוֹיסְגֶעזוּנְגֶען אוֹיפְן קוֹל "וַיָבֹא הָמָן" — אָט קוּמְט הָמָן! אִין אָנְהוֹיבּ הָאט עֶר זִיךְ נִישְׁט ווִיסְנְדִיג גֶעמַאכְט, ווַייל עֶר הָאט נִישְׁט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶס בַּאדַייט. וֶוען עֶר אִיז אָבֶּער עֶטְלִיכֶע מָאל בַּאגְלֵייט גֶעוָוארְן מִיט דִי

זעלבע אויסרופן, איז איהם שוין אַרײן אין קאָפּ אויסצופאָרשן און דערגײן װאָס מײנען די אידן מיט די דאָזיגע װערטער. ער איז דערפון זײער אויפגעברויזט געוואָרן און זיך אַמאָל פאַרקלאָגט פאַרן פירשט. דער פירשט האָט דאַן שטרײנג אָנגעזאָגט די אידן, אַז דער װאָס װעט אַרויסרײדן די דאָזיגע װערטער אין דער אַנװעזנהײט פון קאָזיצקי׳ן, װעט שטרײנג באַשטראָפט װערן.

קאָזיצקי׳ן אַלײן איז עס אָבער טיף געבליבן אין האַרצן, ער האָט עס נישט געקענט פאַרגעסן און געזוכט כסדר פּלענער װי צו נעמען נקמה פון די אידן. אײנמאָל, פאַר פּורים, איז ער אַרײנגעקומען אין פּאַלאַץ בײם פירשט יאַן סאָביעסקי און דערצײלט פאַר דעם פירשט אַזאַ געשיכטע:

— דו װײסט מײן האַר, װי אַזוי די אידן דערמאָנען אונזער נאָמען צו שאַנד און צו שפּאָט און זײ שעלטן אונז? עס איז בײ זײ פאַרהאַן אַ יום טוב װאָס הײסט „פּורים”, װעגן װעלכן זײ טראָגן זיך אַרום מיט אַ מעשה װעגן אַ פּערסישן קעניג װאָס האָט געהאַט אַ מיניסטער המן, װעלכער

הָאט זֵיי גֶעוָואלְט פַארְנִיכְטְן, הָאט זִיךְ אָבֶער דַאן גֶעפוּנֶען אַ אִיד מָרְדְכַי, וֶועלְכֶער הָאט אוֹיפְן מִינִיסְטֶער "פַּאלְשׁ" עֵדוּת גֶעזָאגְט, מֶען הָאט אִיהם אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען אוֹיף אַ בּוֹים און דִי אִידְן זַיינֶען גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן. פוּן יֶענֶעם צַייט אָן, וֶוערְט זַיין נָאמֶען פַארְדַאמְט בַּיים גַאנְצְן אִידִישְׁן פָאלְק און זֵיי שֶׁעלְטְן זֵייעֶרֶע פַיינְד. יֶעדֶער פִּירְשְׁט, יֶעדֶער הַאר, וָואס בֶּעהַאנְדְלְט זֵיי נִישְׁט וִוי זֵיי ווִילְן, רוּפְן זֵיי אִיהם אָן מִיטְן זֶעלְבְּן נָאמֶען. אוֹיךְ דִיר, גְרוֹיסֶער פִירְשְׁט, שֶׁעלְטְן זֵיי און שְׁרַייעֶן: אָרוּר הָמָן! פַארְשָׁאלְטְן זָאל וֶוערְן הָמָן! בַּאלְד קוּמְט אָן זֵייעֶר יוֹם טוֹב פּוּרִים. אוֹיבּ דוּ ווִילְסְט, קוּם מִיט מִיר צוּ זֵייעֶר רָב אִין הוֹיז, דָארְט וואוּ עֶס זַאמְלְט זִיךְ צוּנוֹיף דָאס גַאנְצֶע שְׁטָאט אִידְן צוּ פַייעֶרְן דֶעם יוֹם טוֹב, וֶועסְטוּ דַאן זֶעהְן און הֶערְן וִוי וַוייט עֶס זַיינֶען רִיכְטִיג מַיינֶע וֶוערְטֶער.

— גוּט, אִיךְ ווִיל זִיךְ טַאקֶע אִיבֶּערְצַייגְן צוּ עֶס אִיז דָא אַ גְרוּנְד צוּ גְלוֹיבְּן אִין דַיינֶע וֶוערְטֶער — הָאט דֶער אוֹיפְגֶערֵייצְטֶער פִירְשְׁט זִיךְ פַארְקְרִימְט און זַיין גֶעזִיכְט אִיז רוֹיט גֶעוָוארְן פוּן גְרוֹיס אוֹיפְרֶעגוּנְג, — אוֹיבּ עֶס וֶועט זִיךְ

אַרויסְוַוייזְן די ריכְטיגְקַייט פון דַיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלְן די אִידְן דֶערְפַאר טַייעֶר בֶּעצָאהלְן. אִיךְ וֶועל זֵיי אויסְרַאמֶען בִּיז אֵיינֶעם. טָאמֶער אִיז עֶס אָבֶער פַאלְש, דַאן וֶועל אִיךְ זִיךְ מִיט דִיר אָפְּרֶעכֶענֶען.

— אִיךְ בֶּעשְׁטִים דֶערְצוּ — הָאט קָאזִיצְקִי גֶעזָאגְט און צוּגֶעשָׁאקֶלְט מִיטְן קָאפּ זַייעֶנְדִיג פָּאלְקָאם זִיכֶער אִין זַיין עֶרְפָאלְג.

פּוּרִים נָאךְ דֶער סְעוּדָה, הָאבְּן זִיךְ וִוי אַלֶע יָאהר צוּנויפְגֶעזַאמְלְט דָאס מֶערְהַייט אִידְן פון שְׁטָאט בַּיים רָב אִין שְׁטוּב און דָארְטְן פַארְבְּרֵיינְגְט מִיטְן רָב אִין דֶער גְרוֹיסֶער שִׂמְחָה פון דֶעם אָנְגֶעלֵייגְטְן יוֹם טוֹב. מֶען הָאט גֶעטַאנְצְט און גֶעזוּנְגֶען, גֶעהוּלְיֶעט און גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען. דֶער רָב פְלֶעגְט יֶעדֶעס מָאל אַרַיינְוַוארְפְן אַ דְבַר תּוֹרָה צוּ דֶערְמוּטִיגְן דֶעם עוֹלָם און אַרַיינְבְּרֵיינְגֶען יִרְאַת שָׁמַיִם אִין דֶער שִׂמְחָה, מֶען זָאל נִישְׁט פַארְגֶעסְן וֶועגְן וָואס די שִׂמְחָה אִיז, עֶס זָאל נִישְׁט זַיין סְתַּם אַ שִׂמְחָה שֶׁל הוֹלְלוּת. דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶוען גוּטְמוּטִיג גֶעשְׁטִימְט און בִּשְׁעַת שִׂמְחָה פַארְגֶעסְט מֶען אַלֶע צָרוֹת און לַיידְן וָואס יֶעדֶערְן אִיז אויסְגֶעקוּמֶען אִיבֶּערְצוּלֶעבְּן דוּרְכְן יָאהר.

פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך דערנעענטערט דער פירשט סאַביעסקי, צוזאַמען מיט זיין ראַטגעבער, דער גרויסער רשע, צום רב׳ס הויז און געשטעלט זיך שטילערהייט אונטער דער טהיר, צו הערן ווי די אידן שעלטן זיי און שרייען: אָרור המן!

דער עולם איז אָבער שוין געווען גוט אָנגעטרונקען און די צינגער האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן ביי זיי און גענומען פאַרדרייען די ווערטער. עס איז אויסגעקומען, דאָס אַנשטאָט צו זאָגן "אָרור המן" האָט מען געזאָגט פאַרקערט, און צום פירשט אויערן האָבן זיך דערטראָגן די ווערטער: ברוך... המן! ברוך... המן!

אַ ענטטוישטער האָט דער פירשט פלוצלונג געעפנט די טהיר און אַריין אין שטוב צוזאַמען מיט זיין ראַטגעבער. דערזעהענדיג זייערע שונאים, און מיט די ווירקונג פון די געטראַנקען, האָבן די אידן נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן צו טאַנצן און זינגען: — ברוך המן! ברוך המן! — געבענטשט זאָל זיין המן, וואָס אַ דאַנק זיין מפּלה האָבן מיר דערלעבט אַזאַ פריילעכן יום טוב!...

פון גרויס באַגײסטערונג און דערשטוינונג, מײנענדיג אַז דאָס מײנט מען איהם, איז דער פירשט מיטגעריסן געוואָרן מיטן עולם אידן, װעלכע האָבן איהם אויך אין ראָד אַרײנגענומען און ער האָט געטאַנצט און געזונגען צוזאַמען מיט זײ אַלעמען.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט קאָזיצקי באַקומען זײן פסק. דער פירשט סאָביעסקי האָט איהם אַרױסגעװאָרפן װי אַ הונט און מער נישט צוגעלאָזן צו איהם. ער אַלײן האָט געענדערט זײן באַציהונג צו די אידן און איז געװאָרן אַ אַנדער מענטש, ער האָט יעצט געזען אַז אַלעס בײז װאָס ער האָט געקלערט אויף די אידן איז נאָר געװען געמײנע נקמה פלענער פון זײן רשעות׳דיגן ראָטגעבער קאָזיצקי. די אידן האָבן גענומען פרײ אָטעמען און דער עול פון גזירות איז פון זײ אַראָפגענומען געװאָרן.

דער דאָזיגער פאַקט איז אין שטאָט פאַרצײכנט געװאָרן אין אַ באַזונדער מגילה אַלס גרויסער נס, און אַלע פורים נאָך דער מגילה פלעגט מען עס איבערלײענען פאַרן עולם.

# אִין זְכוּת פוּן דִי פּוּרִימְדִיגֶע אָרִימֶעלַייט

דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶן מִיט עֶטְלִיכֶע הוּנְדֶערְט יָאהר צוּרִיק. אִין יֶענֶער צַייט אִיז גֶעוֶועןְ אַ גַאנְגְבַּארֶע סְחוֹרָה דֶער טְרוֹיעֶרִיג־בַּארִימְטֶער "בְּלוּט בִּלְבּוּל" (עֲלִילַת דַם) וואו טוֹיזְנְטֶער אִידְן זַיינֶען גֶעפַאלְן אַלְס זַיינֶע קָרְבָּנוֹת אוּן גֶעטוֹיטֶעט גֶעוָוארְן מִיט דִי שְׁרֶעקְלִיכְסְטֶע פַּיינִיגוּנְגֶען. עֶס הָאט וֶוער אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אַז אִידְן דַארְפְן הָאבְּן קְרִיסְטְלִיךְ בְּלוּט אַרַיינְצוּטָאן אִין דִי מַצוֹת אוֹיף פֶּסַח, אוּן צוּ דֶעם צְוֶועק כַאפְּן זֵיי אַ קְרִיסְט, טוֹיטְן אִיהם אוּן נֶעמֶען אַרוֹיס בְּלוּט פוּן אִיהם.

אָנְפִירְן מִיט דֶעם דָאזִיגְן בִּלְבּוּל פְלֶעגְן דִי קְרִיסְטְלִיכֶע גַייסְטִיגֶע. זֵיי הָאבְּן גֶעוואוּסְט אַז דָאס אִיז אַ נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶער שֶׁקֶר, אָבֶער זַייעֶנְדִיג גְרוֹיסֶע שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל הָאבְּן זֵיי זִיךְ נִישְׁט אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט פַאר קֵיין שׁוּם זַאךְ אַבִּי אָנְצוּטְהוּן

אידן צָרות. אויסער דֶעם פלֶעגן זֵיי הָאבְּן אַ נוּצְן פון דֶעם בִּלְבּוּל. עַל פִּי רוֹב פְלֶעגְן זֵיי צוּנֶעמֶען פַאר זיךְ דֶעם פַארְמֶעגְן פון די פַארְפַיינִיגְטֶע אִידְן וָואס מֶען הָאט בַּאשוּלְדִיגְט אִין טוֹיטְן דֶעם קְרִיסְט. דֶערִיבֶּער פְּלֶעגְט מֶען טַאקֶע מַאכְן דֶעם בִּלְבּוּל עַל פִּי רוֹב אוֹיף רַייכֶע אִידְן.

אִין אַ דֶערְפְל אִין רוּסְלַאנְד אִיז גֶעזֶעסְן אַ אִידִישֶע פַאמִילְיֶע. אֵיין אֵיינְצִיגֶע אִידִישֶע פַאמִילְיֶע צְווִישְן הוּנְדֶערְטֶער גוֹיִם. די פַאמִילְיֶע אִיז בַּאשְטַאנֶען פון אַ מַאן — יִצְחָק אִיז גֶעוֶוען זַיין נָאמֶען — מִיט אַ פְרוֹי אוּן זֶעקְס קִינְדֶערְלַאךְ. יִצְחָק אִיז גֶעוֶוען דֶער אַרֶענְדַאר בַּיים פְּרִיץ פון דֶערְפְל אוּן גֶעהַאלְטְן דָארְט די קְרֶעטְשְמֶע.

יִצְחָק אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר אַ פָּשוּטֶער מַאן, עֶר הָאט נִישְט גֶעקֶענְט לֶערְנֶען, אָבֶער עֶר אִיז גֶעוֶוען זֵייעֶר אַ עֶרְלִיכֶער מֶענְטְש, גֶעהִיט מִצְוֹת, אַ גְרוֹיסֶער מַכְנִיס אוֹרְחִים אוּן גֶעגֶעבְּן צְדָקָה בְּעַיִן יָפָה. עֶר הָאט גֶעהַאט הַצְלָחָה אוּן גֶעוָוארְן אַ פֶערְמֶעגְלִיכֶער מֶענְטְש, הָאט עֶר גֶעלָאזְט גֶענִיסְן פון דֶעם פַאר אָרִימֶע נוֹיטְבַּאדֶערְפְטִיגֶע בְּרִידֶער. אָרִימֶעלַייט וָואס פְלֶעגְן וַואנְדֶערְן פון שְטֶעטְל צוּ

שְׁטֶעטְל הָאבְּן נִישְׁט דוּרְכְגֶעלָאזְט זַיין הוֹיז. זֵיי פְּלֶעגְן אַרַיינְגֵיין צוּ אִיהם, אוֹיפְהַאלְטְן זִיךְ דָארְט אַ פָּאר טֶעג אוּן גֶענִיסְן פוּן גוּטֶע עֶסְן, וָואס אִיז גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן מִיטְן גַאנְצְן הַארְצְן, אוּן אַוֶועק גֵיין נַאכֶער אוֹיךְ מִיט אַ שֵׁיינֶע נְדָבָה.

אַ בַּאזוּנְדֶער שֵׁיינֶעם מִנְהָג הָאט יִצְחָק גֶעהַאט אִין פּוּרִים. צוּ דֶער פּוּרִים סְעוּדָה וָואס עֶר פְּלֶעגְט אַיינְאָרְדֶענֶען מִיט גָאר אַ בְּרֵייטֶע הַאנְט, פְּלֶעגְט עֶר בְּרֵיינְגֶען פוּן דֶערְבַּייאִיגְן שְׁטֶעטְל נִישְׁט ווִינְצִיגֶער וִוי צֶעהְן אָרִימֶעלַייט. מִיט זַיינֶע פוּהְרְן פְּלֶעגְט עֶר זֵיי בְּרֵיינְגֶען אוּן צוּרִיק אָפְּפִיהְרְן אוֹיף צוּמָארְגְנְס, אוּן פַאר דֶער "טִרְחָה" פְּלֶעגְט עֶר בַּאצָאלְן יֶעדְן פוּן זֵיי אַ פַיינֶע סוּמֶע, אַ בַּאדַייטְנְדְן חֵלֶק אוֹיף הוֹצָאוֹת פוּן פֶּסַח.

זַייעֶנְדִיג אֵיין שֶׁעפְּסֶעלֶע צְוִוישְׁן אַזוֹי פִיל וֶועלְף, הָאט יִצְחָק זִיךְ בַּאמִיהְט צוּ לֶעבְּן גוּט מִיט דִי פּוֹיעֶרִים, נָאכְגֶעבְּן זֵייעֶרֶע פַּארְלַאנְגֶען. דָאס אִיז אִיהם טַאקֶע גֶעלוּנְגֶען. דִי פּוֹיעֶרִים הָאבְּן אִיהם גֶעשֶׁעצְט, זִיךְ בַּאצוֹיגְן צוּ אִיהם מִיטְן גְרֶעסְטְן צוּטְרוֹי, אוּן אֲפִילוּ קוּמֶען זִיךְ בַּארַאטְן מִיט אִיהם אִין זֵייעֶרֶע פְּרִיוָואטֶע אָנְגֶעלֶעגְנְהַייטְן.

באַזונדערס האָט איהם געשעצט דער פּריץ פון דאָרף. פאר זיינע חברים די פּריצים פלעגט ער זיך גרויסן אַז אַזא קלוגן, ערליכן און געראָטענעם אַרענדאר ווי ער האָט — האָט נישט קיינער פון זיי.

איין גוי איז געווען דאָרט וואס ער האָט פיינט געהאַט דעם אידן שנאת מות, דאָס איז געווען דער גלח. גאַנץ אָפט פלעגט ער קומען אין קרעטשמע טרינקען אַ גלעזל משקה, און יצחק האָט זיך צו איהם באַצויגן מיטן גרעסטן כבוד. פלעגט איהם נישט זעצן טרינקען צווישן אַלע פויערים, נאָר אַריינעמען אין זיין צימער, און געבן פון דאָס בעסטע און שענסטע, און אַז עס פלעגט קומען צו באַצאָלן האָט ער געמאכט אַ גאַנץ קליינעם חשבון (און אויך דאָס איז נישט שטענדיג באַצאָלט געוואָרן) — און דאָך איז די שנאה זיינע צום אידן נישט קלענער געוואָרן, נאָר פאַרקערט, נאָך גרעסער געוואָרן, און ווען ער פלעגט אַמאל הערן פון אַנדערע גלחים וואס זיינען "פּטור" געוואָרן פון זייערע אידן — האָט ער אַוועקגעפּלאַצט פון קנאה.

פאַרשטייט זיך אַז ער האָט נישט גערוהט, נאָר געזוכט כּסדר עצות ווי אַרויסצופּטר'ן דעם אידן, און אויב עס איז מעגליך — טאַקע אַוועקצופּטר'ן.

די ערשטע וועג זיינע איז געווען צום פּריץ. ער האָט געפּרובט בּעאַיינפלוסן דעם פּריץ ער זאָל דעם אידן אַרויסוואַרפן — אָבער אָן ערפּאָלג. דער פּריץ האָט געזעהן ווי עס האָט אויסגעזעהן בּיי אַנדערע פּריצים וואָס האָבן אַרויסגעטריבּן די אידישע אַרענדאַרן, און ער האָט גאָרנישט געהאַט קיין חשק צו טשעפּען זיך מיט דעם איד. אַזוי אַרום זיינען דעם גלח'ס רייד געפאַלן אויף אַ טויבן אויער.

דאַן האָט ער זיך גענומען אויפצורייצן די פּויערים געגן די אידן. איז זיינע רעדעס פּלעגט ער שיטן פּעך און שוועבל אויף די אידן, און פאַרשטעלן זיי אַלס בּלוט דאַרשטיגע חיות. די פּויערים האָבן נאַטירליך געגלויבּט אין זיינע ווערטער אָבער צום אַרענדאַר האָבן זיי נישט געענדערט זייער בּאַציהונג. זיי האָבן געגלויבּט אַז אַלע אידן זיינען חיות אויסער זייער "איטשקע"

(אַזוֹי הָאבְּן זֵיי גֶערוּפְן דֶעם אַרֶענְדַאר). זַיינֶע דוּרְכְפַאלְן הָאבְּן נָאךְ פַארְשְׁטַארְקְט זַיין שִׂנְאָה צוּם אַרֶענְדַאר.

אֵיינְמָאל אִיז דֶער גַלַח גֶעזֶעסְן בַּיים אִידְן אוּן גֶעטְרוּנְקֶען, הָאט עֶר דֶערְפִילְט רֵיחוֹת פוּן גוּטֶע מַאֲכָלִים אוּן גֶעבֶּעקְסְן. הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט דֶעם אַרֶענְדַאר צוּ עֶר גְרֵייט זִיךְ צוּ אַ חֲתוּנָה, הָאט דֶער אַרֶענְדַאר גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז דָאס גְרֵייט עֶר זִיךְ צוּ דִי פּוּרִים סְעוּדָה וָואס דַארְף מָארְגְן פָּארְקוּמֶען.

דֶער גַלַח אִיז אַוֶועק פוּן אַרֶענְדַאר אוּן דִי שִׂנְאָה הָאט אִין אִיהם גֶעבְּרוּיזְט וִוי אַ אוֹיפְגֶעשְׁטוּרֶעמְטֶער יַם. עֶר הָאט גֶעטְרַאכְט: מָארְגְן וֶועט דֶער אִיד מַאכְן אַ גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה, וֶועט בְּרֵיינְגֶען זַיינֶע בְּרִידֶער פוּן שְׁטָאט אוּן מֶען וֶועט טְרִינְקֶען אוּן עֶסְן אוּן זִיךְ פְרֵייעֶן אוֹיף דֶער מַפָּלָה פוּן דִי גוֹיִם. גֶעוַואלְד, וִוי פַארְשְׁטֶערְט מֶען אִיהם דִי שִׂמְחָה?

גֵייעֶנְדִיג אַזוֹי פַארְטְרַאכְט, אִיז אִיהם אַנְטְקֶעגְן גֶעקוּמֶען אַ וֵויינֶענְדִיגֶע פוֹיעֶרְטֶע אוּן גֶעבֶּעטְן עֶר זָאל קוּמֶען צוּ אִיהר אִין כַאטְקֶע זָאגְן "וִוידוּי" מִיט

אִיהר שֵׁייגֶעץ וָואס גֵייט שְׁטַארְבְּן. דֶער גַלַח אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אִיהר. קוּמֶענְדִיג אִין כַאטְקֶע הָאט עֶר גֶעזֶעהן אַז דֶער שֵׁייגֶעץ גוֹסֶס׳ט שׁוֹין, אוּן נָאךְ אַ פָּאר מִינוּט וֶועט עֶר שׁוֹין אוֹיסְהוֹיכְן דִי נְשָׁמָה. דֶעם גַלַח אִיז פְּלוּצְלוּנְג אַיינְגֶעפַאלְן אַ גֶעדַאנְק:

— אָט הָאבּ אִיךְ יֶעצְט אַ גָאלְדֶענֶע גֶעלֶעגֶנְהַייט פָּטוּר צוּ וֶוערְן פוּן דֶעם אִידְן. מֶען דַארְף דֶעם טוֹיטְן שֵׁייגֶעץ אוּנְטֶערְוַוארְפְן בַּיי דֶעם אִידְן, אוּן זָאגְן אַז דֶער אִיד הָאט אִיהם גֶעטוֹיטֶעט. עֶר וֶועט שׁוֹין פַארְשְׁפָּארְן צוּ פְרַאוֶוען סְעוּדוֹת. עֶר מִיט זַיינֶע גוּטֶע בְּרִידֶער פוּן שְׁטָאט וֶועלְן צוּ דֶער צַייט פוּן דֶער סְעוּדָה שְׁמַאכְטְן אִין תְּפִיסָה.

נָאךְ אוֹיפְן וֶועג גֵייעֶנְדִיג הָאט דִי גוֹיעֶטֶע דֶערְצֵיילְט דֶעם גַלַח אַז זִי הָאט נִישְׁט קֵיינֶעם דָא אִין דָארְף אוֹיסֶער דֶעם שֵׁייגֶעץ, אִיהר בֵּן יָחִיד, זַייט אִיהר מַאן אִיז אָפְּגֶעשְׁטָארְבְּן מִיט פִיהל יָאהרְן צוּרִיק. עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען דֶערִיבֶּער דִי בֶּעסְטֶע בַּאדִינְגוּנְגֶען אוֹיסְצוּפִירְן דֶעם פְּלַאן אוֹיף אַ אוֹפָן וָואס קֵיינֶער זָאל נִישְׁט וִויסְן פוּן דֶעם. הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ דֶער פוֹיעֶרְטֶע:

— גײ אין קלויסטער און זײ מתפּלל פאַר דער נשמה פון דײַן זוהן.

די פויערטע האָט איהם געפאָלגט.

דער גלח האָט געוואַרט אַביסל און ווען ער איז שוין געווען זיכער אַז די איז אין קלויסטער, איז ער אַרויס פון כאַטקע, אַוועק צו זיך אין שטוב, גערופן זײַן משרת און געזאָגט איהם:

— נעם אַ גרויסן זאַק, גײ אין יענער כאַטקע, דאָרט ליגט אַ טויטער, זאָלסטו איהם אַרײַנלייגן אין זאַק און ברײַנגען אַהער.

דער משרת האָט פונקטליך אויסגעפירט דעם גלח׳ס באַפעל.

ווען דער גלח האָט שוין געהאַט בײַ זיך דעם טויטן שייגעץ, איז ער אַוועק אין קלויסטער און געזאָגט צו דער פויערטע:

— גענוג מתפּלל געווען, גײ צוריק אין דײַן הויז, דעם חולה איז בעסער געוואָרן. ווען איך בין אַוועק האָט ער געעפנט די אויגן און געבעטן אַ

טְרוּנְק. גֵיי בַּאהַאנְדְל אִיהם. עֶר וֶועט אִינְגִיכְן גֶעזוּנְט וֶוערְן.

אִין אַ קוּרְצֶע וַויילֶע אַרוּם אִיז דִי פוֹיעֶרְטֶע גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפְן, פַאַרְבְּרָאכְן מִיט דִי הֶענְט אוּן גֶעוֵויינְט הִיסְטֶעריִש:

— טַייעֶרֶער פָּאטֶער, מַיין זוּהן אִיז נִישְׁטָא אִין הוֹיז. וואוּ אִיז עֶר?

דֶער גַלַח הָאט גֶעמַאכְט דֶעם אָנְשְׁטֶעל אַז עֶר אִיז זֵייעֶר אִיבֶּערְרַאשְׁט. עֶר הָאט גֶעמַאכְט ווִי עֶר פַארְטְרַאכְט זִיךְ אוּן נָאכֶער גֶעזָאגְט:

— דָא אִיז גֶעשֶׁעהן עֶפֶּעס אַ מוֹרָא'דִיגֶע זַאךְ, מֶען מוּז פֶעסְטְשְׁטֶעלְן וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהן. גֵיי אִין דַיין הוֹיז, אִיךְ וֶועל נִישְׁט רוּהעֶן בִּיז דִי זַאךְ וֶועט אוֹיפְגֶעקְלֶערְט וֶוערְן. דוּ זָאלְסְט דֶערְוַוייל מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט רֶעדְן. אִיךְ וֶועל טְהוּן אַלְץ וָואס אִיז נוֹיטִיג.

דִי פוֹיעֶרְטֶע אִיז אַוֶועק אַ וֵויינֶענְדִיגֶע אוּן קְלָאגֶעדִיגֶע. דֶער גַלַח הָאט זִיךְ גֶערִיבְּן דִי הֶענְט פַאר שִׂמְחָה.

נאָך האַלבֿע נאַכט האָט ער אױפֿגעװעקט זײַן משרת, און געזאָגט צו איהם:

— נעם פֿיאַדער, דעם זאַק מיט טויטן און טראָג עס אַװעק צו דעם אידישן אַרענדאַר. אויפֿן הויף פון הויז איז דאָ אַ קעלער. דאָרט װעסטו אין אַ װינקל אַװעקלײגן דעם זאַק און אַרויפֿלײגן אויף איהם פון די זאַכן װאָס געפֿינען זיך דאָרט. גיב אַכטונג אַז קײנער זאָל נישט זעהן װאָס דו טהוסט. מאַך עס שנעל און קום גלײַך צוריק.

אין אַ שעה אַרום איז פֿיאַדער געװען צוריק. ער האָט געמאָלדן קורץ: איך האָב געמאַכט אַלץ װאָס מען האָט מיר געהײסן.

האָט דער גלח געזאָגט צו איהם:

— זאָלסט האַלטן פאַרמאַכט דאָס מויל און נישט דערצײלן קײנעם פון דעם. אויב דו װעסט אַרויסרעדן אײן װאָרט — װעסטו באַלד שטאַרבן. און יעצט גײ לײג זיך שלאָפן צוריק.

דער גלח איז געװען מלא שמחה. דער פּלאַן איז געלונגען. הײנט װעט ער פּטור װערן פון דעם

אַרֶענְדַאר. און נִישְׁט נָאר פון אִיהם אַלֵיין — נָאר מִיט נָאך אַ צֶענְדְלִיג אִידְן מִיט אִיהם צוזַאמֶען. און אויבּ עֶס וֶועט זִיךְ אַיינְגֶעבְּן וֶועט מֶען אַרַיינְשְׁלֶעפְּן די אִידְן פון דֶערְבַּייאִיגְן שְׁטֶעטְל אויךְ, מִיט זֵייעֶר רַאבִּין בְּרֹאשׁ. דָארְט אִין שְׁטֶעטְל זַיינֶען דָא אַ סַאךְ רַייכֶע אִידְן.

גַאנְץ פְרִיה אִיז דֶער גַלַח צוגֶעטְרָאטְן צו דֶער אַרְבֶּעט, צו שְׁנַיידְן די פֵּירוֹת פון זַיין מִיה.

דָאס עֶרְשְׁטֶע הָאט עֶר גֶענומֶען אַ פוהר, אויפְגֶעוֶועקְט זַיין מְשָׁרֵת און גֶעגֶעבְּן אִיהם אַ בְּרִיוו צו זַיינֶעם אַ בַּאקַאנְטְן גַלַח, וַוייט פִינְף שָׁעָה פון דֶעם דָארְף, און גֶעהֵייסְן אִיהם אַוֶועקְפִיהרְן דֶעם בְּרִיוו. אִין דֶעם בְּרִיוו הָאט עֶר גֶעשְׁרִיבְּן צו יֶענֶעם גַלַח אַז עֶר בֶּעט אִיהם דָאס עֶר זָאל זַיין מְשָׁרֵת אָפְּהַאלְטְן בַּיי זִיךְ אַ שְׁטִיקְל צַייט.

דָאס הָאט עֶר גֶעטְהון צוליבּ זִיכֶערְקַייט, כָאטְשׁ עֶר הָאט נִישְׁט מוֹרָא גֶעהַאט אַזוֹי שְׁטַארְק אַז פְיָאדֶער וֶועט אִיהם שְׁטֶערְן, דֶען אֲפִילוּ אויבּ עֶר וֶועט רֶעדְן אַ וָוארְט — וֶוער וֶועט אִיהם הֶערְן? פְּיָאדֶער אִיז גֶעוֶוען אַ נִישְׁט־דֶערְפַארֶענֶער,

אַ אויסגעוואַקסענער שײגעץ מיט אַ שׂכל פון אַ פינף יעהריג קינד. דאָך האָט ער געוואָלט אַז ער זאָל דאָ נישט זײן. אַזוי איז זיכערער.

נאָכער איז ער אַװעק צו דער פויערטע און גענומען אײנרעדן איהר אַז אידן האָבן צוגעכאַפּט איהר זוהן און איהם געטויטעט. ער האָט איהר אײנגערעדט אַז װען זי איז אַרויס פון כאַטקע צו גײן אין קלויסטער האָט זי געזעהן דרײען זיך דערנעבן צװײ אידן. די פאַרגרעבטע פויערטע װאָס איז געװען פאַרװײטאָגט און צובראָכן האָט געגלויבט.

דער גלח האָט גערופן אַ פויער, געהײסן אײנשפּאַנען די פערד און פיהרן די פויערטע אין שטעטל אַרײן צו די פּאָליצײ. ער האָט איהר אָנגעזאָגט װאָס זי זאָל דאָרט דערצײלן.

ער אַלײן איז אַװעק צום פּריץ, איהם דערצײלט װעגן דעם פאַרשװאונדענעם שײגעץ און אַז עס איז דאָ אַ פאַרדאַכט אַז דער אַרענדאַר האָט צוגעכאַפּט דעם שײגעץ און איהם געטויטעט. דעם פּריץ האָט זיך די מעשׂה נישט שטאַרק

גֶעגְלוֹיבְּט, אָבֶּער דֶער קְלוּגִינְקֶער גַלַח הָאט גֶעווּאוּסְט ווִי אַזוֹי אָנְצוּשְׁרֶעקְן דֶעם פָּרִיץ. עֶר הָאט צוּ אִיהם אַזוֹי גֶעזָאגְט:

— דֶער פָּרִיץ דַארְף טְהוּן אַז מֶען זָאל נִישְׁט קֶענֶען קוּמֶען צוּ אִיהם מִיט טַעֲנוֹת, אַז דֶער מַאן וָואס דֶער פָּרִיץ הָאט גֶעשִׁיצְט הָאט אָפְּגֶעטְהוּן אַזַא פַארְבְּרֶעכְן.

דִי וֶוערְטֶער הָאבְּן בַּאלְד גֶעווִירְקְט אוּן דֶער פָּרִיץ הָאט גֶעזָאגְט:

— אִיךְ וֶועל נֶעמֶען עֶטְלִיכֶע מְשָׁרְתִים אוּן אַרָאפְּגֵיין צוּם אַרֶענְדַאר. אוֹיבּ עֶס אִיז אֱמֶת, וֶועט עֶר שְׁטְרֵיינְג בַּאשְׁטְרָאפְט וֶוערְן. עֶס וֶועט אִיהם קֵיין זַאךְ נִישְׁט בַּיישְׁטֵיין.

*

בַּיים אַרֶענְדַאר הָאט מֶען גֶענוּמֶען מַאכְן הֲכָנוֹת צוּ דֶער סְעוּדָה, פְּלוּצְלוּנְג — אוּנְגֶעבֶּעטֶענֶע גֶעסְט זַיינֶען דָא. פָּאלִיצֵיי, דֶער גַלַח מִיט אַ גְרוּפֶּע בַּאגְלֵייטֶער, אוּן אַ וַוייְלֶע שְׁפֶּעטֶער אוֹיךְ דֶער פָּרִיץ מִיט זַיינֶע מְשָׁרְתִים.

— איטשקא! — האט דער פּריץ געזאָגט
— מען באַשולדיגט דיר אַז דו האָסט גע׳גנב׳עט דאָס קינד פון דער איוואַנאַוואַ און געטויטעט איהם כּדי צו נעמען זײַן בלוט פאַר די מצות אויף פּסח.

יצחק איז געוואָרן בלאַס. ער האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער דער פּאָליצײ מײַסטער האָט מיט אַ בייזן געשרײ איהם שטיל געמאַכט. ער האָט פאַראָרדנט מען זאָל אַלע אידן וואָס געפינען זיך אין הויז פאַרשפּאַרן אין אַ באַזונדער צימער, און געהייסן מאַכן אַ אונטערזוכונג. דער פּריץ און גלח האָבן געוואַרט אין הויז אויף די רעזולטאַטן פון דער אונטערזוכונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די פּאָליצײ און דעם פּריץ׳ס משרתים.

— מיר האָבן גאָרנישט געפונען — האָבן זיי געמאָלדן. דער גלח האָט געזאָגט מען זאָל גוט זוכן אין קעלער, ווײַל ער ווייס אַז דאָרט האַלט דער איד אַלע זאַכן וואָס האָבן נישט קיין פּלאַץ אין הויז.

מֶען הָאט נָאךְ אַמָאל גֶעזוּכְט אִין קֶעלֶער — אָבֶער אָן עֶרְפָאלְג.

דֶער גַלָח הָאט זִיךְ אָבֶער נִישְׁט מְיַיאֵשׁ גֶעוֶועןְ. עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּם פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער אַז מֶען דַארְף אַלֶע אִידְן אַרֶעסְטִירְן אוּן פְּרוּבְן בַּיי זֵיי אַרוֹיסְבַּאקוּמֶען וואו זֵיי הָאבְּן דֶעם טוֹיטְן קֶערְפֶּער בַּאהַאלְטְן. דֶער פָּאלִיצֵיי מַייסְטֶער הָאט אָנְגֶענוּמֶען דִי עֵצָה אוּן פַארְזִיכֶערְט דֶעם גַלָח אַז "בַּיי מִיר וֶועלְן שׁוֹין דִי אִידְן עֶפֶּעֶנְען דֶעם מוֹיל".

עֶר אִיז אַרַיין אִין צִימֶער וואו עֶס זַיינֶען גֶעוֶועןְ פַארְשְׁפַּארְט דִי אִידְן אוּן גֶעמָאלְדְן אַז זֵיי זַיינֶען אַלֶע אַרֶעסְטִירְט בִּיז זֵיי וֶועלְן אוֹיסְזָאגְן וואו זֵיי הָאבְּן דֶעם טוֹיטְן קֶערְפֶּער בַּאהַאלְטְן.

אַ שְׁרֶעק אִיז אַלֶעמֶען בַּאפַאלְן. זֵיי הָאבְּן פַארְשְׁטַאנֶען מִיט וָואס דָאס שְׁמֶעקְט: עִינוּיִים וָואס פִירְן אַרָאפּ פוּן זִינֶען. אַ שׁוֹידֶערְלִיךְ גֶעוֵויין אִיז אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן. נָאר אֵיינֶער בְּלוֹיז הָאט נִישְׁט גֶעוֵויינְט. דָאס אִיז גֶעוֶועןְ אֵיינֶער פוּן דִי אָרִימֶעלַייט מִיטְן נָאמֶען "יָאסְל דֶער הוֹיכֶער". עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן גֶעזָאגְט:

— איך שְטֶעל זִיךְ פָאר אַז דִי זַאךְ אִיז גַאנְץ אַײנְפַאךְ. דֶער גַלַח הָאט גֶע׳גַנְב׳עט דֶעם קֶערְפֶּער פוּן שֵײגֶעץ, און גֶעהֵײסְן אוּנְטֶערְוַוארְפְן בַּײ דֶעם אִידִישְׁן אַרֶענְדַאר. זֶעהט אוֹיס אַז זַײנֶע מֶענְטְשְׁן הָאבְּן נִישְׁט אוֹיסְגֶעפִירְט דָאס שְׁלִיחוּת און דֶער טוֹיטֶער קֶערְפֶּער לִיגְט נָאךְ בַּײ דֶעם גַלַח עֶרְגֶעץ וואו. אַדְרַבָּה, פְּרוּבְט אַ זוּךְ טְהוּן בַּײ אִיהם.

דֶער גַלַח אִיז רוֹיט גֶעוָוארְן פַאר כַּעַס און עֶר הָאט גֶעזָאגְט:

— איך פָּאדֶער אַז מֶען זָאל מַאכְן בַּײ מִיר אַ אוּנְטֶערְזוּכוּנְג, אָבֶער דִי אִידְן וֶועלְן פַאר זֵײעֶר חוּצְפָּה טַײעֶר בַּאצָאלְן.

מֶען הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ שְׁמִירָה אוֹיף דִי אִידְן און דִי פָּאלִיצֵײ מִיטְן פָּרִיץ צוּזַאמֶען מִיט דִי בַּאגְלֵײטֶער זַײנֶען גֶעגַאנְגֶען צוּם גַלַח. ווִי נָאר מֶען הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דֶעם קֶעלֶער בַּײם גַלַח, הָאט מֶען גֶעפוּנֶען דֶעם זַאק מִיטְן טוֹיטְן קֶערְפֶּער.

דֶער גַלַח אִיז גֶענוּמֶען גֶעוָוארְן אוֹיף אַ אוֹיסְפָארְשׁוּנְג. דִי אִידְן זַײנֶען גְלַײךְ בַּאפְרַײט גֶעוָוארְן.

עֶס אִיז נָאךְ גֶעוֶוען פַאר זוּן אוּנְטֶערְגַאנְג, הָאט מֶען נָאךְ בַּאוִויזְן צוּ פְרַאוֶוען דִי פּוּרִים סְעוּדָה. אַזַא פְרֵיילַאכֶע סְעוּדָה הָאבְּן אִידְן לַאנְג נִישְׁט גֶעפְּרַאוֶועט.

*

וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהן הָאט מֶען נִישְׁט גֶעוואוּסְט. "יָאסְל דֶער הוֹיכֶער" הָאט גֶע'טַעְנֶה'ט אַז עֶר וֵוייס פוּן גָארְנִישְׁט, אִיהם אִיז סְתָּם אַזוֹי אַיינְגֶעפַאלְן צוּ זָאגְן זַיין הַשְׁעָרָה. עֶרְשְׁט אִין יָאהְרְן שְׁפֶּעטֶער אִיז בַּאוואוּסְט גֶעוָוארְן וְוִי אַזוֹי עֶס אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען.

"יָאסְל דֶער הוֹיכֶער" הָאט גֶעזֶעהן וְוִי אַזוֹי דֶעם גַלַח'ס מְשָׁרֵת טְרָאגְט אַרַיין אַ זַאק אוּן לֵייגְט עֶס אַוֶועק אִין קֶעלֶער.

יָאסְל דֶער הוֹיכֶער אִיז גֶעוֶוען פוּן דִי מַקְדִימִים וָואס פְלֶעגְן קוּמֶען צוּם אַרֶענְדַאר אַ פָּאר טֶעג פַאר פּוּרִים. אִין דִי נַאכְט פוּן פּוּרִים הָאט עֶר זִיךְ פְלוּצְלוּנְג דֶערְפִילְט נִישְׁט גוּט, אוּן אִיז אַרוֹיס אִין דְרוֹיסְן שֶׁעפְּן לוּפְט, הָאט עֶר גֶעזֶעהן דֶעם גַלַח'ס מְשָׁרֵת מִיטְן זַאק.

— איך האָב פאַרשטאַנען — האָט יאָסל שפּעטער דערציילט — אַז גוים האָבן ליב צו נעמען בײַ אידן אָבער נישט צו געבן, און אַז אַ גוי ברענגט אין מיטן דער נאַכט אַ מתּנה — דאַרף מען איהם דאָס צוריקגעבן, און יאָסל האָט אַזוי געטהון. אָבגעוואַרט אַ ביסל ביז דער משרת וועט שוין ליגן אין בעט צוריק, גענומען דעם זעקל און אַוועקגעטראָגן צוריק צום גלח, אין קעלער אַרײַן. "מוחל די מתּנה, זאָל עס זײַן פאַר דיר".

יאָסל האָט פון דעם קײנעם נישט דערציילט מען זאָל זיך נישט שרעקן. אָבער ווען די פּאָליצײ זײַנען געקומען צוזאַמען מיטן גלח אויף דער אונטערזוכונג, האָט ער אַלעס פאַרשטאַנען און אויסמאַקירט ווי אַזוי מען זאָל פאַרדאַכטן דעם גלח. אַזוי אַרום זײַנען די אידן געראַטעוועט געוואָרן אין זכות פון די פורימדיגע אָרימעלײט.

# הָמָן אִיז גֶעוָוארְן וַיְזָתָא

"הָמָן" הָאט מֶען אִיהם גֶערוּפְן אִין אוּנְזֶער שְׁטֶעטְל. אוּן עֶר הָאט דֶעם צוּנָאמֶען כָּשֵׁר פַּארְדִינְט. דָאס אִיז אֵייגֶנְטְלִיךְ גֶעוֶוען דִי אֵיינְצִיגֶע זַאךְ וָואס עֶר הָאט כָּשֵׁר פַּארְדִינְט...

גֶעוֶוען אִיז עֶר דֶער "פְּרִיסְטַאוו", דֶער הוֹיפְּט אִינְסְפֶּעקְטָאר פוּן דֶער פָּאלִיצֵיי, אִין אוּנְזֶער שְׁטֶעטְל. אָבֶער וֶוען עֶר וָואלְט אֲפִילוּ גֶעוֶוען דֶער "צַאר" אַלֵיין וָואלְט עֶר נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין גְרֶעסֶערֶע מַאכְט, אָדֶער אָנְגֶעוָוארְפְן מֶער שְׁרֶעק.

אַז עֶר פְלֶעגְט זִיךְ אַרוֹיסְלָאזְן אִין דֶער "גְרוֹיסֶע גַאס", וואוּ עֶס זַיינֶען גֶעוֶוען דִי אִידִישֶׁע קְרֶעמְלַאךְ אוּן גֶעוֶועלְבְּן, פְלֶעגְט זִיךְ בְּלִיץ שְׁנֶעל פַארְשְׁפְּרֵייטְן דִי שְׁרֶעקְלִיכֶע בְּשׂוֹרָה — "הָמָן גֵייט!". עֶס פְלֶעגְט זִיךְ אָנְהוֹיבְּן אַ פִיבֶּערִישֶׁע טֶעטִיגְקַייט; מֶען הָאט גֶענוּמֶען אוֹיסְקֶערְן דִי גַאס

אַרום די קְרָאמֶען, און מֶען הָאט אוֹיסְגֶעשְׁפְּרִיצְט און גֶעקֶערְט אִין דִי קְרֶעמְלַאךְ; מֶען הָאט צוּגֶעדֶעקְט דִי פֶּעסְלַאךְ הֶערִינְג און קֶעַראסִין; מֶען הָאט בַּאהַאלְטְן די פַּאפִּירָאסְן אוֹיבּ דֶער "פַּאטֶענְט" אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען; מֶען הָאט גֶעטְרִיבְּן די פְּלִיגְן פון קְרָאם. מִיט אֵיין וָוארְט, עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ בֶּהָלָה און מֶען הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס פְרִיעֶר צוּ טְהוּן, אֵיידֶער דֶער "הָמָן הָרָשָׁע" שְׁפַּאצִירְט זִיךְ אַרַיין און מַאכְט אַ "פְּרָאטָאקָאל" פַּאר גָארְנִישְׁט מִיט גָארְנִישְׁט.

די אָרִימֶע קְרֶעמֶערְס, נֶעבַּאךְ, פְּרִירְן אִין די גֶעוֶועלְבְּלֶעךְ פון בַּאגִינֶען בִּיז בַּיינַאכְט, מֶען פַּארְדִינְט קוֹים אַ גְרָאשְׁן, און עֶס אִיז רֶעכְט, אַז צוּלִיבּ אַ פְּלִיג פַּארְלִירְט מֶען די פַּרְנָסָה פון אַ גַאנְצֶע וָואךְ, אָדֶער אֲפִילוּ פון אַ גַאנְצְן חוֹדֶשׁ. דֶער "הָמָן" דַארְף בְּלוֹיז דֶערְזֶען אַ פְּלִיג אוֹיף די פּוּטֶער — און עֶס אִיז שׁוֹין אָךְ און וֵויי צוּ דֶער קְרֶעמֶערְקֶע, וֶועלְכֶע שְׁטֵייט אַ בְּלֵייכֶע און טְרֵייסְלְט זִיךְ פון שְׁרֶעק. דֶער רָשָׁע שְׁרַייבְּט שׁוֹין אַ "פְּרָאטָאקָאל" און דָאס מֵיינְט אַ גֶעלְט־שְׁטְרָאף און דָאס בִּיסְל פַּארְדִינְסְט גֵייט אַוֶועק מִיט דֶער

פְלִיג צוזַאמֶען. כָאטְש שְטֵיי אִיבֶער דִי פּוטֶער אַ גַאנְצְן טָאג און דֶערְלָאז נִישְט אַ פְלִיג אַרָאפְּצוּלָאזְן זִיךְ אַ שְמֶעק גֶעבְּן דִי פּוטֶער. אָבֶער דָאס וָואלְט סַיי־וִוי נִישְט גֶעהָאלְפְן. דֶער פְּרִיסְטַאוו וָואלְט שוֹין זִיכֶער גֶעפוּנֶען עֶפֶּעס אַ חֵטְא; אָדֶער דִי פּוטֶער דַאכְט זִיךְ אִיהם בִּיטֶערְלֶעךְ, אָדֶער דָאס מִילְךְ אִיז עֶפֶּעס וַואסֶערְדִיג, אָדֶער דָאס פֶּעסְל הֶערִינְג שְטֵייט צוּ נָאהְנְט צוּ דֶעם פֶּעסְל קֶערָאסִין, כָאטְש גֵיי און שְפַּאר פונַאנְדֶער דִי וֶוענְט...

אִיצְט פַארְשְטֵייט אִיהר שוֹין, פַארְוָואס דֶער ״הָמָן״ הָאט אָנְגֶעוָוארְפְן אַזַא שְרֶעק אִין גַאס. עֶר הָאט פָּשוּט אַרוֹיסְגֶערִיסְן דֶעם אָרִימֶען בִּיסְן פוּן מוֹיל.

פַארְשִידֶענֶע מִיטְלֶען הָאט עֶר גֶעהַאט וִוי אוֹיסְצוּפְּרֶעסְן גֶעלְד בַּיי דִי קְרֶעמֶער אִין שְטֶעטְל. דֶער בַּאלִיבְּסְטֶער מִיטְל דַיינֶער אִיז גֶעוֶוען גַאנְץ פָּשוּט. עֶר פְלֶעגְט אַרַיינְקוּמֶען אִין אַ קְרָאם און נֶעמֶען זוּכְן חַטָאִים. עֶס הָאט אִיהם פַארְשַאפְן גְרוֹיס פַארְגֶענִיגְן צוּ זֶעהְן, וִוי דִי אָרִימֶע קְרֶעמֶערְקֶע צַאפְּלְט זִיךְ פוּן שְרֶעק. מִיטְאַמָאל פְלֶעגְט עֶר גֶעבְּן אַ שְמֵייכְל און אַרוֹיסְגֵיין און דִי

קְרֶעמֶערְקֶע הָאט פְּרַײ אָפְּגֶעאָטֶעמְט און גֶעדַאנְקְט דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פַאְרן חֶסֶד. אַ וַוײלֶע שְׁפֶּעטֶער פְלֶעגְט אַרַײנְקוּמֶען די וַוײבּ זַײנֶע, אַזַא מַרְשַׁעַת ווי עֶר, "אַײנְקוֹיפְן" זִיךְ. וֶוען עֶס פְלֶעגְט קוּמֶען צוּ בַּאצָאלְן, פְלֶעגְט זי זָאגְן מִיט אַ גֶעמַאכְטֶע פְרַײנְטְלִיכְקַײט, אַז מִסְתָּם וֶועט זי די קְרֶעמֶערְקֶע איהר אָנְטְרוֹיעֶן, וַוײל זִי הָאט "פַארְגֶעסְן" מִיטְצוּנֶעמֶען דָאס בַּײטְל גֶעלְד מִיט זִיךְ. אַ בְּרֵירָה הָאט די קְרֶעמֶערְקֶע גֶעהַאט? אַזוֹי פְלֶעגְט זִיךְ אָנְהוֹיבְּן אַ בָּארְגֶענִישׁ, בִּיז די קְרֶעמֶערְקֶע זֶעהט אַז זי וֶוערְט בְּדִיל-הַדַל (פַארְאָרִימְט). נֶעמְט זִי פָארְזִיכְטִיג דֶערְמַאנֶען, אַז אֶפְשֶׁר וָואלְט די "פְרִיצְטֶע" גֶעצָאלְט עֶפֶּעס אוֹיפְן חֶשְׁבּוֹן פוּן חוֹב. מֶער פֶעלְט איהר שׁוֹין נִישְׁט. עֶרְשְׁט אִיצְט הוֹיבְּן זִיךְ אָן די אֱמֶתֶע צָרוֹת. דֶער פְּרִיסְטַאוו זֶעצְט זִיךְ אָן אוֹיף דֶער קְרֶעמְל, דֶערְלַאנְגְט אֵיין "פְּרָאטָאקָאל" נָאךְ אַ צְוֵוײטְן, בִּיז די קְרֶעמֶערְקֶע זָאגְט אִיהם: "אִיךְ הָאבּ שׁוֹין בַּאקוּמֶען בַּאצָאלְט פַארְן גַאנְצְן חוֹב. טְשֶׁעפֶּע זִיךְ אָפּ!"

דַאן נֶעמְט זִיךְ דֶער פְּרִיסְטַאוו פַאר אַ צְוֵוײטֶע

קְרֶעמְל...

מֶענְטְשְׁן הָאבְּן נָאךְ גֶעדֵיינְקְט אָט דֶעם פְּרִיסְטַאוו, וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ יוּנְגֶער שֶׁגֶצ׳ל, אוּן שְׁפֶּעטֶער אַ גְרוֹיסֶער שֵׁגֶץ, אֵיידֶער עֶר הָאט עוֹלֶה לִגְדוֹלָה גֶעוֶוען. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ שַׁבָּת־גוֹי. פְלֶעגְט אַרַיינְקוּמֶען צוּ דִי חָשׁוּב׳עֶרע בַּעֲלֵי בַּתִּים אַרָאפְּנֶעמֶען דִי לַייכְטֶער פוּן טִישׁ, טְרִינְקֶען אַ גְלָאז טֵיי אוּן צוּבַּייסְן, צוּלֵייגְן ווִינְטֶער אַ שַׁייטְל הָאלְץ אִין אוֹיוְון. אוֹיךְ אִין דֶערְוָואכְן פְלֶעגְט מֶען זִיךְ מִיט אִיהם שַׁאפְן. עֶס הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעפֶעלְט צוּ עֶסְן, אוּן עֶר פְלֶעגְט נָאךְ בַּאקוּמֶען אַ פָּאר גְרָאשְׁן דֶערְצוּ. אוּן אַזוֹי ווִי עֶר הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעהָאדֶעוֶועט צְווִישְׁן אִידְן, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט גוּט אִידִישׁ. אוּן טַאקֶע דֶערְפַּאר הָאבְּן זִיךְ אִידִישֶׁע מַאמֶעס גֶעהִיט, אַז דִי קִינְדֶער זָאלְן ווִיסְן אַז עֶר אִיז אַ שֵׁגֶץ, אוּן נִישְׁט קֵיין אִידִישׁ קִינְד, לְהַבְדִיל. אִיהם הָאט מֶען גֶעדַארְפְּט הִיטְן, אַז עֶר זָאל עֶפֶּעס נִישְׁט "צוּ׳לַקְח׳נֶען"; אִיהם הָאט מֶען גֶעדַארְפְּט גֶעבְּן "פְּרֶעסְן" אוּן "זוֹיפְן", נִישְׁט סְתָּם עֶסְן אוּן טְרִינְקֶען, א.ד.ג.

וֶוען עֶר אִיז עֶלְטֶער גֶעוָוארְן אוּן גֶענוּמֶען

פַארשְׁטֵיין די הַבְדָלָה וָואס אִידְן מַאכְן צְווישְׁן זִיךְ און גוֹיִם, הָאט עֶס אִיהם שְׁטַארק פַארְדְרָאסְן. עֶר הָאט אֲפִילוּ אֵיינְמָאל גֶענוּמֶען זִיךְ אוֹיס'טַעְנֶה'עְן מִיט אַ בַּעַל־הַבַּיִת און הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט, פַארְוָואס בַּאנוּצְן אִידְן עֶפֶּעס גָאר אַ אַנְדֶער שְׁפְּרַאךְ וֶוען זֵיי רֵיידְן וֶועגְן גוֹיִם? דֶער בַּעַל־הַבַּיִת הָאט אִיהם גַאנְץ אָפְּנְהַארְצִיג דֶערְקְלֶערְט:

— אָט, זָאג דוּ אַלֵיין, אוֹיבּ דָאס אִיז נִישְׁט אַזוֹי. דוּ גֵייסְט דָאךְ אַרַיין אִין אַ אִידִישֶׁע הֵיים און דוּ זֶעסְט ווי אִידְן עֶסְן און טְרִינְקֶען. אַ אִיד וַואשְׁט זִיךְ צוּם עֶסְן, מַאכְט אַ בְּרָכָה, בֶּענְטְשְׁט נָאכְן עֶסְן. אַ אִיד עֶסְט נִישְׁט ווִי אַ בְּהֵמָה; אֲפִילוּ דָאס עֶסְן אִיז בַּיי אִיהם אַ הֵיילִיגֶע זַאךְ, און עֶר עֶסְט כְּדֵי צוּ קֶענֶען דִינֶען דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְן. דָאס הֵייסְט עֶסְן. אָבֶּער וֶוען מֶען עֶסְט ווִי אַ בְּהֵמָה, לְהַבְדִיל, אִיז אוֹיבּ עֶר אִיז אֲפִילוּ אַ אִיד נָאר עֶר עֶסְט נִישְׁט־גֶעוַואשְׁן, אָן בֶּענְטְשְׁן, אִיז דָאס נִישְׁט גֶעגֶעסְן נָאר גֶעפְרֶעסְן. נָאר אַ אִיד קֶען לְכָל הַפָּחוֹת תְּשׁוּבָה טְהוּן און מַאכְן פוּן זַיין 'בְּהֵמָה' אַ 'מֶענְטְשׁ'. דֶערִיבֶּער אִיז בַּיי אוּנְז אִידְן דָא אַ אוֹיסְדְרִיק פוּן עֶסְן און פוּן פְרֶעסְן, וַוייל דָאס זַיינֶען צְוֵויי בַּאזוּנְדֶערֶע זַאכְן.

פונדעסטוועגן, האט דער בעל-הבית פון דאן אן אנגעזאגט אין דערהיים, אז מען זאל מער נישט ריידן אזוי אין דער אנוועזנהייט פון דעם ערל.

דער גוי האט נאך מער גענומען מקנא זיין די אידן וועלכע ער האט באדינט; ער האט מקנא געוועזן זייער איידלקייט, און ער האט זיי געהאסט מיט זיין גאנצן הארצן, ווייל פון קנאה ביז שנאה איז דאך א קורצער שפרונג. אבער זיין האס צו אידן האט זיך ערשט צופלאקערט נאך א געוויסע פאסירונג. דאס האט טאקע פאסירט אין הויז פון דעם בעל-הבית מיט וועלכן ער האט ערשט דעם פריערדיגן שבת געהאט דעם "שמועס". דעם קומענדיגן שבת איז דער שבת-גוי ווי געווייגליך געקומען אראפנעמען די לייכטער פון טיש. קיינער איז נישט געווען אין עס צימער. עס איז געווען די צייט פון "שינה בשבת תענוג". נאכן טשאלנט. דער עולם האט געכאפט א דרעמל אין די שלאף-צימערן. דער שבת-גוי האט זיך נישט געקענט איינהאלטן. ער איז צוגעגאנגען צום קאמאד און גענומען נישטערן אין די שופלאדן זוכנדיג עפעס צו גנב'ענען. אין דעם מאמענט איז דער בעל-

הַבַּיִת אַרײַנגעקומען און האָט אים איבערגעשלאָגן אין דער אַרבעט מיט אַ שטרײַנגן "וואָס זוכסטו דאָרט?"

וואָלט אים דער בעל־הַבַּיִת אויסגעזידלט, אָדער נאָך בעסער, אָנגעבראָכן די בײנער, וואָלט דאָס דער שַׁבָּת־גוי בעסער פאַרדײט. אָבער, אַנשטאָט דעם, האָט אים דער בעל־הַבַּיִת אָנגעקוקט מיט אַ קאַלטן און שפּאָטישן בליק, ווי ער וואָלט אים וועלן דערמאָנען פון דעם פאַרכטאָגיקן שמועס, און האָט אים גאַנץ געלאַסן, אַפילו מיט העפליכקײט, געזאָגט, אַז מער וועט מען אים שוין נישט דאַרפן האָבן.

דער שַׁבָּת־גוי האָט זיך אָפּגעטראָגן און מער האָט מען אים שוין אין אונזער שטעטל נישט געזען. מיט יאָרן שפּעטער איז ער אַראָפּגעקומען אין אונזער שטעטל אין אַ זעלנערישן מונדיר. ער האָט זיך שפּאַצירט אין דער גרויסער גאַס מיט אַ פאַררױסענעם קאָפּ, מיט אַ געוואַלדיגער גאַווה, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ גענעראַל. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער אַראָפּגעקומען אין שטעטל שוין אַלס דער נײַער פּריסטאַוו. עס האָט

נִישְׁט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט, בִּיז עֶר הָאט זִיךְ פֶּערְדִינְט דֶעם נָאמֶען "הָמָן".

ווִי הָמָן'עְן פוּן דֶער מְגִילָה, אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶעם "הָמָן" סְפֶּעצִיֶעל גֶערֵייצְט דֶער אִידִישֶׁער שַׁבָּת אוּן דֶער אִידִישֶׁער יוֹם־טוֹב. מֶען הָאט גֶעקֶענְט זֶען דִי גַאנְצֶע שְׁטֶעטְל עֶרֶב־שַׁבָּת פַּאר לִיכְט בֶּענְטְשְׁן ווִי מֶען קֶערְט דִי גַאס אַרוּם דִי הַייזֶער, כְּדֵי דֶער "הָמָן" זָאל נִישְׁט הָאבְּן פַּארְוָואס צוּ מַאכְן אַ "פְּרָאטָאקָאל" דַוְקָא שַׁבָּת נָאךְ מִיטָאג.

בַּאזוּנְדֶערְס הָאט עֶר זִיךְ פַּארְלֵייגְט צוּ צוּשְׁטֶערְן דֶעם פּוּרִים. עֶר הָאט גוּט גֶעוואוּסְט אַז פּוּרִים פְרֵייעֶן זִיךְ אִידְן אוֹיף דֶער מַפָּלָה פוּן אַזַא הָמָן ווִי עֶר. עֶר הָאט אֲפִילוּ אַמָאל גֶעזָאגְט: "אִיךְ בִּין קְלִיגֶער פוּן הָמָן'עְן; וַוייל הָמָן הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט קָאסְטְן גֶעלְד כְּדֵי צוּ פַארְנִיכְטְן דִי אִידְן אִין אֵיין טָאג. אָבֶער אִיךְ ווֶעל בְּלוֹיז מוּטְשֶׁען דִי אִידְן אוּן אָנְשְׁטָאפְּן מַיינֶע קֶעשֶׁענֶעס מִיט גֶעלְד!"

פּוּרִים פְלֶעגְט אוּנְזֶער "הָמָן" אַרוּמְלוֹיפְן אִין גַאס אַ גַאנְצְן טָאג זוּכְן אַ אִידִישְׁן שִׁיכּוֹר. עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז עֶס אִיז דָאךְ אַ מִצְוָה בַּיי אִידְן צוּ

טְרינְקֶען מַשְׁקֶה אויף הָמָן׳ס מַפָּלָה ״עַד דְלֹא יָדַע״. עֶס הָאבְּן נִישְׁט גֶעפֶעלְט גויאִישֶׁע שִׁיכּוֹרִים אַלֶע זונְטִיג און אַלֶע טָאג, אָבֶּער אַ אִידִישְׁן שִׁיכּוֹר הָאט עֶר אֲפִילוּ פּוּרִים נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעפִינֶען. עֶס הָאט זִיךְ אִיהם שְׁטַארְק גֶעוָואלְט אַרֶעסְטִירְן אַ אִידִישְׁן שִׁיכּוֹר פַארְן ״שְׁטֶערְן דִי רוּהֶ״, אָבֶּער גֵיי זוּךְ מִיט לִיכְט; נִישְׁט גֶעוֶוען וֶועמֶען צוּ אַרֶעסְטִירְן. אוּנְזֶערֶע אִידְן הָאבְּן גֶעטַייטְשְׁט ״עַד וְלֹא עַד בִּכְלַל״ — צוּ שִׁיכְּרוּת אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען און צוּ ״שְׁטֶערְן דִי רוּהֶ״ גֶעוִויס נִישְׁט.

אִיז אִיהם אַיינְגֶעפַאלְן אַ נַייעֶר מִיטְל וְוי צוּ פַארְשְׁטֶערְן דֶעם אִידִישְׁן פּוּרִים און דֶערְבַּיי אוֹיסְפְּרֶעסְן גֶעלְד אויךְ.

וַיְהִי הַיוֹם, עֶטְלִיכֶע טֶעג פַאר פּוּרִים אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַ נַייעֶ גְזֵירָה. אַזוֹי וְוי אִידְן שִׁיקְן זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן ״שַׁלַח־מָנוֹת״ און דָאס אִיז אַ בַּאזוּנְדֶער ״גֶעשֶׁעפְט״ פַאר דִי ״שַׁלַח־מָנוֹת״ טְרֶעגֶער, בְּמֵילָא מוּזְן דִי ״שַׁלַח־מָנוֹת״־טְרֶעגֶער אַרוֹיסְנֶעמֶען אַ סְפֶּעצִיעֶלְן ״פַּאטֶענְט״ כְּדֵי צוּ הָאבְּן דִי ״רֶעכְט״ צוּ פִירְן דִי ״בִּיזְנֶעס״. דֶער ״הָמָן״ פוּן אוּנְזֶער שְׁטֶעטְל הָאט גֶעלָאזְט וִויסְן, אַז אויבּ מֶען

וֶועט כַאפְּן אַ אִידְן וֶועלְכֶער טְרָאגְט "שַׁלַח־מָנוֹת" אָן אַ "פַּאטֶענְט" וֶועט מֶען קָאנְפִיסְקִירְן דֶעם "שַׁלַח־מָנוֹת" און דֶערְצוּ גֶעבְּן אַ שְׁטְרָאף אוֹיךְ!

עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ יְלָלָה אִין שְׁטֶעטְל. דֶער רָשָׁע ווִיל שׁוֹין צוּנֶעמֶען דִי פַּרְנָסָה בַּיי דִי עֶטְלִיכֶע אָרִימֶעלַייט וֶועלְכֶע הָאבְּן אַ "חֲזָקָה" פוּנַאנְדֶערְצוּטְרָאגְן דִי "שַׁלַח־מָנוֹת", און דֶער עִיקָר ווִיל עֶר סְתָם פַארְשְׁטֶערְן דֶעם פּוּרִים. וַוייל, וֶוער קֶען זִיךְ עֶרְלוֹיבְּן צוּ בַּאצָאלְן אַזַא מַטְמוֹן מִיט גֶעלְד פַאר אַ "פַּאטֶענְט" צוּ טְרָאגְן "שַׁלַח־מָנוֹת"?

אִין שְׁטֶעטְל הָאט גֶעקָאכְט מִיט דֶער נַייעֶר גְזֵירָה. מֶען הָאט גֶעהַאלְטְן אֲסִיפוֹת, מֶען הָאט גֶעזוּכְט עֵצוֹת ווִי אָפְּצוּשְׁרַייעֶן דִי גְזֵירָה. מֶען הָאט גֶעשִׁיקְט אַ פָּאר בַּעֲלֵי־בָּתִּים צוּם פְּרִיסְטַאוו, וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעפְּרוּבְט אִיהם גֶעבְּן אַ מַתְּנַת־יַד, אָבֶער עֶר הָאט זִיךְ דָאס מָאל גָאר נִישְׁט גֶעלָאזְט רֵיידְן. מֶען הָאט גֶעוָואלְט שְׁרַייבְּן אַ פֶּעטִיצְיֶע צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר, אָבֶער עֶס אִיז דָאךְ אִינְגַאנְצְן אַ פָּאר טֶעג פַאר פּוּרִים, און בִּיז דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר וֶועט עֶפֶּעס קֶענֶען טְהוּן, וֶוען עֶר זָאל אֲפִילוּ וֶועלְן, וֶועט נֶעמֶען יָארְן. הַכְּלָל, דִי "שַׁלַח־מָנוֹת"־

טְרֶעגֶער הָאבְּן גֶעזָאגְט, אַז זֵיי וֶועלְן גֵיין אוֹיף מְסִירוּת־נֶפֶשׁ.

דֶער פּוּרִים הָאבְּן אִידְן גֶעלֵייעֶנְט דִי מְגִילָה מִיט אַ בַּאזוּנְדֶערֶע כַּוָנָה. און וֶוען עֶס אִיז גֶעקוּמֶען צוּ "הָמָן הָאֲגָגִי", אָדֶער "הָמָן בֶּן הַמְדָתָא", הָאט מֶען גֶעטוּפֶּעט מִיט דִי פִּיס און גֶעלִיאַרֶעמְט מִיט דִי הָמָן־גְרַאגֶערְס מֶער ווִי אַלֶעמָאל, און דֶערְבַּיי הָאט מֶען גֶעהַאט אֵיין כַּוָנָה — דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל דֶעם "הָמָן" פוּן אוּנְזֶער שְׁטֶעטְל גֶעבְּן אַזַא סוֹף ווִי דֶעם הָמָן פוּן דֶער מְגִילָה.

פּוּרִים בַּייטָאג הָאבְּן זִיךְ עֶטְלִיכֶע דְרַייסְטֶע "שַׁלַח מָנוֹת" טְרֶעגֶער אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּנַאנְדֶערְטְרָאגְן "שַׁלַח מָנוֹת". אוּנְזֶער "הָמָן" הָאט שׁוֹין אוֹיף זֵיי גֶעוַוארְט מִיט עֶטְלִיכֶע פָּאלִיצֵיי אַגֶענְטְן. מֶען הָאט זֵיי אַרֶעסְטִירְט, צוּגֶענוּמֶען דִי "שַׁלַח מָנוֹת", און גֶעמַאכְט אוֹיף זֵיי אַ "פְּרָאטָאקָאל". "הָמָן" מִיט זַיינֶע גֶעהִילְפְן הָאבְּן זִיךְ גֶעזֶעצְט פְרַאֶווען אַ סְעוּדָה מִיט דִי קָאנְפִיסְקִירְטֶע "שַׁלַח־מָנוֹת", וְהָעִיר שׁוּשַׁן נָבוֹכָה...

עֶס הָאט אָבֶער לַאנְג נִישְׁט גֶעדוֹיעֶרְט און צוּם

רָב איז געקומען צו לויפְן דֶעם פְּרִיסְטַאוו׳ס וַוייבּ מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכְן גֶעוֵויין. אִיהר מַאן, דֶער פְּרִיסְטַאוו, הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אַ פִּישׁ־בֵּיין אִין הַאלְז וֶוען עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעכַאפְּט צוּ דִי ״שַׁלַח־מָנוֹת״, אוּן עֶר וֶוערְגְט זִיךְ אוּן וֶוערְט דֶערְשְׁטִיקְט. נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ נָאר דִי אִידְן הָאבְּן אִיהם פַארְשָׁאלְטְן... זִי אִיז דֶעם רָב גֶעפַאלְן צוּ דִי פִּיס אוּן גֶעבֶּעטְן רַאטֶעוֶוען אִיהר מַאן!

דֶער רָב הָאט אִיהר גֶעזָאגְט, אַז דָאס הָאט אִיהם דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער בַּאשְׁטְרָאפְט פַאר׳ן רוֹדֵף׳ן דִי אִידְן, אוּן אוֹיבּ עֶר וֶועט צוּזָאגְן אַז עֶר וֶועט מֶער נִישְׁט אָנְטְהוּן אִידְן קֵיין צָרוֹת וֶועט עֶר בְּלַייבְּן לֶעבְּן.

— גֵיי זָאג דַיין מַאן, אַז דָאס אִיז זַיין אֵיינְצִיגֶע הָאפֶענוּנְג — הָאט דֶער רָב אוֹיסְגֶעפִירְט.

דֶעם פְּרִיסְטַאוו׳ס וַוייבּ אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפְן צוּרִיק אוּן הָאט דָאס אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן דֶעם פְּרִיסְטַאוו. מִיט דִי לֶעצְטֶע כֹּחוֹת הָאט עֶר זִיךְ גֶעשְׁוָוארְן, אַז פוּן הַיינְט אָן, וֶועט עֶר שׁוֹין דִי אִידְן מֶער נִישְׁט טְשֶׁעפֶּען. עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ אַ וַוייל

גֶעוָוארְגְן, אָבֶּער דַאן איז אִיהם פְּלוּצְלוּנְג בֶּעסֶער גֶעוָוארְן. דֶער בֵּיין אִין הַאלְז הָאט זִיךְ אַרָאפְּגֶעגְלִיטְשְׁט און עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ.

אוֹיף מָארְגְן, שׁוּשַׁן־פּוּרִים, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען צוּם רָב און הָאט אִיהם גֶעדַאנְקְט פַארְן רַאטֶעוֶועןְ אִיהם זַיין לֶעבְּן.

— הֵיילִיגֶער רַאבִּין, — הָאט עֶר גֶעזָאגְט — פוּן הַיינְט אָן, וֶועל אִיךְ אַ אִידְן נִישְׁט פַארְטְשֶׁעפֶּען. אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ בַּיי אַלְץ וָואס אִיז הֵיילִיג.

און דַאן הָאט עֶר צוּגֶעגֶעבְּן מִיט אַ שְׁמֵייכְל:

— אִיךְ הָאף, אַז מֶען וֶועט מִיר שׁוֹין מֶער נִישְׁט רוּפְן "הָמָן"; זָאל כָאטְשׁ זַיין "וַיְזָתָא".

אִין אוּנְזֶער שְׁטֶעטְל אִיז גֶעוָוארְן שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה. אַזַא פְרֵיילַאכְן שׁוּשַׁן פּוּרִים הָאבְּן מִיר נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהַאט.

# מָרְדְכַי אִיז גֶעקוּמֶען צוּ הִילְף

אוֹיפְן יִשׁוּב, אִין פּוֹילְן פוּן אַמָאל, הָאט גֶעלֶעבְּט אַ אִידִישֶׁער אַרֶענְדַאר. עֶר הָאט גֶעהַאלְטְן אִין אַרֶענְדֶע פוּן אַ פּוֹילִישְׁן פָּרִיץ אַ קְרֶעטְשְׁמֶע, וְוִי אוֹיךְ אַ אָזְשֶׁערֶע. (וַואסֶער אִין וֶועלְכְן מֶען פַאנְגְט פִישׁ). פַאר דִי קְרֶעטְשְׁמֶע הָאט דֶער אִיד גֶעצָאלְט אַ יֶערְלִיכֶע סוּמֶע גֶעלְד אַלְס אַרֶענְדֶע, אָבֶער פַאר דֶער אָזְשֶׁערֶע הָאט דֶער אִיד גֶעדַארְפְט צָאלְן מִיט אַ הֶעלְפְט פוּן דִי גֶעפַאנְגֶענֶע פִישׁ. אוֹיב עֶר הָאט גֶעפַאנְגֶען בְּלוֹיז אֵיין פִישׁ, הָאט עֶס לוֹיטְן אָפְּמַאךְ גֶעהֶערְט צוּם פָּרִיץ.

דֶער אִיד אִיז גֶעוֶוען אַ פָּשׁוּטֶער, אָבֶער אַ עֶרְלִיכֶער, עֶר הָאט עֶרְלִיךְ גֶעהַאלְטְן דֶעם אָפְּמַאךְ. דֶער פָּרִיץ אִיז גֶעוֶוען צוּפְרִידְן, אוּן הָאט גֶעהַאט דֶעם פוֹלְן צוּטְרוֹי צוּ זַיין "מָאשְׁקֶע".

וַיְהִי הַיוֹם, עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעוִויסֶער טָאג

— עֶרֶב פּוּרִים אִיז דָאס גֶעוֶוען — וֶוען דֶער אִיד הָאט זִיךְ אַרויסגֶעלָאזְט אִין אַ שִׁיפְל אוֹיף דֶער אָזשֶׁערֶע צוּ פַאנְגֶען פִּיש. גְרַאדֶע, וִוי אוֹיף צוּ לְהַכְעִיס, הָאבְּן דִי פִּיש זִיךְ נִישְׁט גֶעוָואלְט לָאזְן פַאנְגֶען. גְרֶעסֶערֶע פִּיש און קְלֶענֶערֶע פִּיש הָאבְּן אוֹיסְגֶעמִיטְן דִי נֶעץ, פּוּנְקְט וִוי זֵיי וָואלְטְן זִיךְ אַלֶע צוּזַאמֶענְגֶערֶעדְט, אַז דֶער אִידִישֶׁער אַרֶענְדַאר זָאל בְּלַייבְּן אָן פִּיש פַאר דֶער פּוּרִים׳דִיגֶער סְעוּדָה. דֶער אִיד הָאט נֶעבַּאךְ גֶעהַאט פִיל פַארְדְרוּס; דֶער חוֹדֶש אֲדָר אִיז דָאךְ אוּנְטֶערְן "מַזָל דָגִים", אִיז וִוי קֶען מֶען פְרַאוֶוען אַ פּוּרִים׳דִיגֶע סְעוּדָה אָן פִּיש? אָבֶּער פַארְפַאלְן, אוֹיבּ בַּיים אוֹיבֶּערְשְׁטְן אִיז רֶעכְט אַז עֶר זָאל פְרַאוֶוען אַ פּוּרִים סְעוּדָה אָן פִּיש, זָאל זַיין אָן פִּיש.

עֶס אִיז גֶעוָוארְן שְׁפֶּעט, און דֶער אִיד הָאט בַּאשְׁלָאסְן אוּמְצוּקֶערְן זִיךְ אַהֵיים מִיט לֵיידִיגֶע הֶענְט. עֶר הָאט גֶענוּמֶען אַרַיינְצִיעֶן דִי נֶעץ אִין שִׁיפְל, עֶרְשְׁט — זֶעה נָאר: אַ גְרוֹיסֶער, לֶעבֶּעדִיגֶער פִּיש הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צַאפְּלֶען און וַוארְפְן זִיךְ אִין דֶעם נֶעץ. דֶער אִיד הָאט שׁוֹין לַאנְג נִישְׁט גֶעזֶען אַזַא גְרוֹיסְן און שֵׁיינֶעם פִּיש.

— אַ דאנק דיר גָ־טֶעניו, וָואס דו הָאסְט מִיר נִישְׁט פַארְלָאזְן — הָאט דֶער אִיד גֶעשֶׁעפְּטְשֶׁעט און הָאט גֶענוּמֶען זִיךְ שִׁיפְּן שְׁנֶעל אַהֵיים.

מִיט אַמָאל הָאט עֶר זִיךְ גֶעכַאפְּט, אַז אֵייגֶנְטְלִיךְ אִיז דֶער פִּישׁ גָאר נִישְׁט זַיינֶער. לוֹיט דֶעם אָפְּמַאךְ מִיטְן פָּרִיץ, מוּז עֶר דָאךְ אָפְּגֶעבְּן דֶעם אֵיין־אֵיינְצִיגְן פִּישׁ צוּם פָּרִיץ. שׁוֹין בֶּעסֶער וֶוען עֶר וָואלְט אִיהם גָארְנִישְׁט גֶעכַאפְּט! און צוּ וָואס, אֵייגֶנְטְלִיךְ דַארְף דֶער פָּרִיץ דֶעם פִּישׁ? עֶר דַארְף דֶען פְּרַאוֶוען אַ פּוּרִים׳דִיגֶע סְעוּדָה? עֶר פְּרַאוֶועט דָאךְ סְעוּדוֹת אַלֶע טָאג; אָבֶּער בַּיי אוּנְז אִידְן אִיז פּוּרִים נָאר אֵיין מָאל אַ יָאר!

אַזוֹי טְרַאכְט דֶער אִיד און רַאנְגְלְט זִיךְ אִין גֶעדַאנְק: יָא אָפְּגֶעבְּן, נִישְׁט אָפְּגֶעבְּן. צוּם סוֹף הָאט עֶר בַּאשְׁלָאסְן, אַז עֶר וֶועט דֶעם פִּישׁ נֶעמֶען פַאר זִיךְ לְכָבוֹד פּוּרִים, און דֶעם פָּרִיץ וֶועט עֶר אָפְּגֶעבְּן כֵּפֶל כִּפְלַיִים אַ צְוֵוייטְן מָאל.

אָבֶּער, וִוי זָאגְט דִי וֶועלְט, הִימְל און עֶרְד הָאבְּן גֶעשְׁוָוארְן, אַז קֵיין סוֹד זָאל נִישְׁט גֵיין פַארְלָארְן. אַ גוֹיאִישֶׁער שָׁכֵן הָאט דֶערְשְׁמֶעקְט דֶעם

רֵיחַ פון די גֶעפֶעפֶערְטֶע, בַּא׳טַעַם׳טֶע גֶעפִילְטֶע פִישׁ, וָואס די קְרֶעטְשְׁמֶערְקֶע הָאט בַּיי זִיךְ גֶעקָאכְט, און זַייעֶנְדִיג מִסְתָּמֶא אַ אור אֵיינִיקְל פון הָמָן הָרָשָׁע, אִיז עֶר אַוֶועק און גֶע׳מַסֶר׳ט פַאר דֶעם פָּרִיץ, אַז דֶער אִיד הָאט אִיהם בַּאשְׁווינְדְלְט!

דֶער פָּרִיץ אִיז גֶעוָוארְן אֵשׁ לֶהָבָה אוֹיף זַיין אִידִישְׁן אַרֶענְדַאר. עֶר הָאט תֵּיכֶף גֶעשִׁיקְט זַיינֶעם אַ בַּאדִינֶער צו בְּרֵיינְגֶען "מָאשְׁקֶען" צום פָּרִיץ.

ווי נָאר דֶער אִיד אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צום פָּרִיץ, הָאט אִיהם דֶער פָּרִיץ בַּאגֶעגְנְט מִיט אַ בֵּייזְן פָּנִים און הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט, צו עֶס אִיז אֶמֶת, אַז עֶר הָאט גֶעפַאנְגֶען אַ פִישׁ און הָאט אִיהם גֶענוּמֶען פַאר זִיךְ?

— עֶס אִיז אֶמֶת, אֲדוֹנִי הַפָּרִיץ — הָאט אִיהם דֶער אִיד גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— הָאסְט טַאקֶע מִיר גֶעוָואלְט בַּאשְׁווינְדְלֶען? — הָאט דֶער פָּרִיץ אִיהם וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

— חָלִילָה! אִיךְ הָאב דֶעם פָּרִיץ קֵיינְמָאל

נִישְׁט בַּאשְׁווינְדְלְט און וֶועל אִיהם אויך וַוייטֶער נִישְׁט בַּאשְׁווינְדְלֶען — הָאט אִיהם דֶער אַרֶענְדַאר פַּארְזִיכֶערְט מִיטְן גַאנְצְן הַארְצְן.

דַאן הָאט אִיהם דֶער אַרֶענְדַאר דֶערְצֵיילְט דֶעם גַאנְצְן אֱמֶת:

— מִיר אִידְן הָאבְּן אַ גְרוֹיסְן יוֹם טוֹב פּוּרִים, וֶוען דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט אוּנְז גֶערַאטֶעוֶועט פוּן אַ גְרוֹיסְן רָשָׁע, הָמָן הָאֲגָגִי...

— אִיךְ וַוייס וֶועגְן דֶער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן פּוּרִים — הָאט אִיהם דֶער פָּרִיץ אִיבֶּערְגֶערִיסְן — אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֲפִילוּ פַּארְזוּכְט הָמָן־טַאשְׁן, גֶעפִילְט מִיט מָאן און פְלוֹימֶען. אָבֶּער וָואס הָאט פּוּרִים צוּ טְהוּן מִיט מִיר?

— פּוּרִים — אֲדוֹנִי הַפָּרִיץ — אִיז נָאר אֵיינְמָאל אַ יָאהר, און מִיר הָאבְּן אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה צוּ פְּרַאוֶוען אַ פּוּרִים סְעוּדָה און אַיינְלַאדֶענֶען גֶעסְט, סְפֶּעצִיעֶל אָרִימֶעלַייט, צוּם טִישׁ. נוּ, אִיז ווִי קֶען מֶען פְּרַאוֶוען אַ פּוּרִים סְעוּדָה אָן פִישׁ? עֶס אִיז דָאךְ אויךְ מַזָל־דָגִים!...

— און וָואס אִיז מַזָל דָגִים? — הָאט דֶער פָּרִיץ גֶעוָואלְט ווִיסְן, און דֶער אַרֶענְדַאר הָאט אִיהם גֶעגֶעבְּן צוּ פַארְשְׁטֵיין:

— יֶעדֶער חוֹדֶש הָאט זַיין "מַזָל", און דֶער מַזָל פוּן דֶער חוֹדֶש אֲדָר אִיז דָגִים — פִּישׁ, און דָאס דֶערְמַאנְט אוּנְז, אַז אַזוֹי ווִי פִּישׁ הָאבְּן אָפֶענֶע אוֹיגְן, אַזוֹי הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אָפֶענֶע אוֹיגְן און גִיט אַכְטוּנְג אוֹיף אוּנְז אָרִימֶע, שׁוּצְלָאזֶע אִידְן אִין גָלוּת, און בַּאהִיט אוּנְז פוּן אַ הָמָן, און פוּן אַנְדֶערֶע שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל...

— גוּט, גוּט... אָבֶער וָואס הָאט עֶס צוּ טְהוּן מִיט מַיין פִּישׁ?

— עֶס אִיז גַאנְץ פָּשׁוּט, אֲדוֹנִי הַפָּרִיץ. אַזוֹי ווִי מַעֲשֶׂה־שָׂטָן הָאב אִיךְ גֶעפַאנְגֶען בְּלוֹיז אֵיין פִּישׁ, הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט, אַז דֶעם פִּישׁ הָאט מִיר דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער צוּגֶעשִׁיקְט פַאר דֶער פּוּרִים סְעוּדָה, און דֶעם פָּרִיץ וֶועל אִיךְ אָפְּגֶעבְּן כֵּפֶל־כִּפְלַיִם, דֶעם גַאנְצְן פִּישְׁפַאנְג אוֹיף מָארְגְן נָאךְ פּוּרִים...

— דֶעם מָאל וֶועל אִיךְ דִיר אָפְּלָאזְן, אָבֶער

אויבּ עֶס וֶועט זיךְ מַאכְן נָאךְ אַמָאל אַזַא זַאךְ און דוּ וֶועסְט נִישְׁט אָנְפְרֶעגְן בַּיי מִיר, וֶועל איךְ דִיר אָפְּשִׁינְדְן דַיין הויט! — הָאט דֶער פָּרִיץ גֶעזָאגְט.

*

אַ קוּרְצֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז פָארְגֶעקוּמֶען אַ צוּזַאמֶענְפָאר פוּן דֶער פּוילִישֶׁער שְׁלִיאַכְטֶע. דִי גְרֶעסְטֶע פְּרִיצִים, פִירְשְׁטְן און גְרַאפְן, זַיינֶען גֶעקוּמֶען זִיךְ צוּ בֶּערַאטְן בְּנוֹגֵעַ זֵייעֶרֶע אִינְטֶערֶעסְן און דֶער הַנְהָגָה פוּן דֶער גַאנְצֶער מְלוּכָה. אָבֶּער וִוי דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, הָאט מֶען גֶענוּמֶען רֶעדְן וֶועגְן אִידְן. אֵיין פָּרִיץ הָאט גֶענוּמֶען בַּאקְלָאגְן זִיךְ אויף זַיין "מָאשְׁקֶע", אַז עֶר הָאט אִיהם אָפְּגֶעטְהוּן אַ עַוְלָה; אַ צְוֵוייטֶער פָּרִיץ הָאט גֶעהַאט וָואס צוּ דֶערְצֵיילְן וֶועגְן אַ אִידִישְׁן וַואלְד־סוֹחֵר, וָואס הָאט בַּיי אִיהם אָפְּגֶעקוֹיפְט אַ וַואלְד בְּחַצִי־חִינָם. אוּנְזֶער פָּרִיץ הָאט דֶערְצֵיילְט וֶועגְן דֶער "חוּצְפָּה" פוּן זַיין "מָאשְׁקֶע" אִין דֶער מַעֲשֶׂה מִיט דֶעם פִישׁ. און אַזוֹי הָאט יֶעדֶער פָּרִיץ אִיבֶּערְדֶערְצֵיילְט אַזַא בִּלְבּוּל אָדֶער אַ אַנְדֶער בִּלְבּוּל אויף דִי אִידִישֶׁע אַרֶענְדַארְן און קְרֶעטְשְׁמֶער. צוּם סוֹף אִיז בַּיי זֵיי גֶעבְּלִיבְּן, אַז זֵיי זָאלְן אַרויסְגֶעבְּן אַ דֶעקְרֶעט, אַרויסְצוּטְרַייבְּן דִי

אידישע אַרענדאַרן פון די פּריצישע גיטער.

מען האָט באַלד אויסגעשריבן דעם דאָקומענט, וואס האָט בלויז געפאָדערט די אונטערשריפטן פון אַלע אַנוועזנדע פּריצים. אָבער איידער דער ערשטער פון זיי האָט נאָך באַוויזן אונטערצושרייבן זיך, האָט זיך די טהיר געעפנט און עס איז אַריינגעקומען אַ גרויסער פּריץ, אויסגעפוצט אין די טייערסטע קליידער, באַדעקט מיט ברילִיאַנטן, און האָט מיט זיין מאַיעסטעטישן אויסזען אַרויסגערופן גרויס יראת־הכבוד ביי אַלע אַנוועזנדע. אַלע פּריצים האָבן זיך אויפגעשטעלט פון זייערע ערטער, האָבן זיך פאַרנויגט פאַר איהם און האָבן איהם זייער העפלאַך באַגריסט. מען האָט געמאַכט פאַר איהם אַ אָרט אויבנאָן און איהם מכבד געווען מיט דער ערשטער אונטערשריפט אויף דעם דאָקומענט.

נאָכן איבערלייענען דעם דאָקומענט, האָט דער גרויסער פּריץ געזאָגט:

— דאָס איז אַ נאַרישקייט! צוליב אַזעלכע קליינִיקייטן ווילט איר פאַרטרייבן אַייערע אידישע

אַרֶענְדַארְן? מֵיינְט אִיהר דֶען, אַז קְרִיסְטְלִיכֶע אַרֶענְדַארְן וֶועלְן אַייךְ בֶּעסֶער און עֶרְלִיכֶער דִינֶען? זֵיי וֶועלְן פָּשׁוּט פַאר'שִׁיכּוֹר'ן אַייֶערֶע גִיטֶער און אַייךְ בַּאשְׁווִינְדְלֶען און מַאכְן פַאר אָרִימֶעלַייט. נִישְׁטָא קֵיין מֶער טִיכְטִיקֶערֶע, עֶרְלִיכֶע און פֵייהִיגֶערֶע אַרֶענְדַארְן און פַארְוַואלְטֶער וִוי דִי אִידְן!

דַאן הָאט עֶר צוּרִיסְן דֶעם דָאקוּמֶענְט, גֶעזָאגְט "אַ גוּטְן טָאג" און אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

דִי פְּרִיצִים זַיינֶען גֶעבְּלִיבְּן זִיצְן וִוי פַארְגְלִיוֶוערְטֶע. קֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט, וֶוער דֶער גְרוֹיסֶער "פַּאן" אִיז גֶעוֶוען, און יֶעדֶערֶער הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט צוּ פְרֶעגְן און אַרוֹיסְוַוייזְן זַיין אוּמְוִויסְנְקַייט. און אַזוֹי הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶענוּמֶען פוּנַאנְדֶערְגֵיין.

אוּנְזֶער פָּרִיץ הָאט זִיךְ סְפֶּעצִיעֶל גֶעפִילְט פַארְשֶׁעמְט, וָואס עֶס אִיז אוֹיךְ בַּיי אִיהם גֶעוֶוען רֶעכְט אוּנְטֶערְצוּשְׁרַייבְּן דֶעם דֶעקְרֶעט און אַרוֹיסְטְרַייבְּן זַיין עֶרְלִיכְן אַרֶענְדַאר צוּלִיבּ דִי מַעֲשֶׂה מִיט דֶעם פִישׁ. עֶס הָאט זִיךְ אִיהם זֵייעֶר

גֶעוָואלְט וויסְן, וֶוער דֶער הוֹיכְגֶעשֶׁעצְטֶער פִירְשְׁט
אִיז, וָואס הָאט זֵיי פַארְהִיט פון אַזַא נַארִישְׁקַייט
און הָאט צוּרִיסְן דֶעם דֶעקְרֶעט. עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר
זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען מוּט און הָאט גֶעפְרֶעגְט זַיינֶעם אַ
נָאהֶנְטְן בַּאקַאנְטְן פָּרִיץ:

— אִיךְ שֶׁעם זִיךְ אֲפִילוּ צוּ פְרֶעגְן, אָבֶער זָאג
מִיר נָאר, וֶוער אִיז גֶעוֶוען דֶער גְרוֹיסֶער פַּאן וָואס
הָאט צוּרִיסְן דֶעם דֶעקְרֶעט?

— אִיךְ וֶועל דִיר זָאגְן דֶעם אֱמֶת, אִיךְ וֵוייס
אוֹיךְ נִישְׁט. אִיךְ הָאבּ דִיר גֶעוָואלְט פְרֶעגְן, נָאר
הָאבּ זִיךְ גֶעשֶׁעמְט...

אִיצְט הָאבְּן זֵיי שׁוֹין גֶעפְרֶעגְט אַ דְרִיטְן און אַ
פֶערְטְן און עֶס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזְן אַז קֵיינֶער
הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעקֶענְט, און פְרִיעֶר נִישְׁט גֶעזֶען!

קוּמֶענְדִיג אַהֵיים, הָאט דֶער פָּרִיץ גֶערוּפְן דֶעם
אִידִישְׁן אַרֶענְדַאר און הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— דוּ גֶעדֵיינְקְסְט, וָואס דוּ הָאסְט מִיר
גֶעזָאגְט וֶועגְן מַזָל־דָגִים, אַז אַייעֶר גָ־ט הָאט
אָפֶענֶע אוֹיגְן? אִיךְ הָאבּ גֶעזֶען, אַייעֶר גָ־ט...

און ער האָט דעם אַרענדאַר דערציילט, וואָס עס האָט פּאַסירט בּיי דעם צוזאַמענפאָר פון די פּריצים.

דער אידישער אַרענדאַר האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— אונזער ג־ט האָסטו נישט געקענט זען, אָבּער לויט ווי דו האָסט מיר פאַרגעשטעלט דעם אויסזען פון דעם פּאַן, אָנגעטהון אין בּגדי־מלכות פון בּלויען און ווייסן, און אַ מאַנטל פון פיינלײַנען און פורפל, איז דאָס געווען נישט קיין אַנדערער ווי מרדכי היהודי פון דער מגילה, וועלכער איז אונז געקומען ראַטעווען פון אַ גזירה אין זכות פון דער פּורים׳דיגער סעודה. דער מזל דגים איז אונז זיכער בּייגעשטאַנען...

# דֶער רוּנְג פוּן מָרְדְכַי הַיְהוּדִי

פּוּרִים אִיז גֶעקוּמֶען! דֶער פְרֵיילַאכֶער, לֶעבֶּעדִיגֶער פּוּרִים! אִין שְׁטֶעטְל אִיז גֶעוָוארְן לוּסְטִיג אוּן פְרֵיילַאךְ. אַוֶועק דִי זָארְג, דִי וָואכֶעדִיקַייט. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען אַ לִיבֶּער גַאסְט, אַ פְרֵיילַאכֶער, אַ שְׁפִּילֶעוְודִיגֶער. אוֹיפְן גַאס הָאבְּן זִיךְ בַּאווִיזְן דִי כְּלֵי זֶמֶר — דִי מוּזִיקַאנְטְן וֶועלְכֶע שְׁפִּילְן אוֹיף אַלֶע חֲתוּנוֹת — מִיט זֵייעֶרֶע פִידְלֶען אוּן פַּייפְלֶעךְ, אוּן אַ גַאנְצֶע כַאפְּטֶע קִינְדֶערְלַאךְ זַיינֶען זֵיי נָאכְגֶעלָאפְן, מִיט גֶעזַאנְג אוּן טֶענְץ. אָבֶער וואוּ קִינְדֶערְלַאךְ? דָאס זַיינֶען נִישְׁט גֶעוֶוען קִינְדֶערְלַאךְ — דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען מָרְדְכַי׳ס אוּן אֶסְתֵּר׳ס, הָמָן׳ס אוּן וַיְזָתָא׳ס, אוּן מְלָכִים אוּן מַלְכּוֹת אָן אַ שִׁיעוּר. פַארְקְלֵיידֶעט זַיינֶען זֵיי גֶעוֶוען מִיט מַאסְקֶעס אוּן בֶּערְד, מִיט הִילְצֶערְנֶע שְׁוֶוערְדְן אוּן פַּאפִּירֶענֶע קְרוֹינֶען, אוּן זֵייעֶר פְרֵיילִיכֶער גֶעלֶעכְטֶער אוּן גֶעזַאנְג הָאט אָפְּגֶעהִילְכְט אִיבֶּערְן

גאַנצן שטעטל.

אין אַלע הײַזער איז געװען ליכטיק און װאַרים, און אידן זײַנען געזעסן בײַ דער פּורים סעודה, געגעסן פֿיש און קרעפּלאַך, "המן טאַשן" און אַלע גוטע זאַכן, און פֿאַרטרונקען מיט משקה. אַפֿילו בײַ יאָשע בער'ן דעם גביר איז געװען קענטיק אַז עס איז פּורים. אַ גאַנץ יאָר האָט ער נישט ליב געהאַט אָרימעלײַט, װײַל ער איז געװען אַ קמצן, אָבער פּורים איז דאָך נישט שײַך — פּורים זײַנען אַפֿילו בײַ אים אין הויז די טהירן געשטאַנען אָפֿן, און די אָרימעלײַט פֿון שטאָט האָבן זיך געקענט דערקװיקן.

— "בּרוך מרדכי" — אַ לעבן אויף מרדכי'ן! — האָבן די אָרימעלײַט אויסגערופֿן, טונקענדיק די חלה אין די פֿיש יויך — צוליב מרדכי'ן דערמאָנט מען זיך אויך אין אונז...

און יאָשע בער, װעלכער האָט פֿאַר דער סעודה געמורמלט! "אָרור המן!" — אַ בראָך המן'ען, װאָס צוליב אים דאַרף איך פּטר'ן אַ אײגנס מיט געלד! — האָט שוין נאָך דער

דְרִיטֶער כּוֹסָה אוֹיךְ גֶענוּמֶען זִינְגֶען ״בָּרוּךְ מָרְדְכַי״ מַמֶש מִיט דִי אָרִימֶעלַייט צוּגְלַייךְ.

אִין אַ נִידֶערִיגֶע אָרִימֶע שְׁטִיבְּל, בַּיים בְּרֶעג טַייךְ, אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען פּוּרִים׳דִיג. דָארְטְן, אוֹיף אַ שְׁטְרוֹיעֶנֶעם גֶעלֶעגֶער, אִיז גֶעלֶעגְן אַ אָרִימֶע, קְרַאנְקֶע אַלְמָנָה אוּן הָאט גֶעזִיפְצֶעט. אַרוּם אִיהר זַיינֶען גֶעזֶעסְן אִיהרֶע יְתוֹמִים׳לַאךְ מִיט בְּלַייכֶע, פַארְהוּנְגֶערְטֶע פָּנִים׳לַאךְ.

פוּן דְרוֹיסְן הָאבְּן זִיךְ דֶערְטְרָאגְן דִי פְרֵיילִיכֶע קִינְדֶער שְׁטִימֶען, גֶעזַאנְג אוּן מוּזִיק.

— קִינְדֶערְלַאךְ! פַארְוָואס גֵייט אִיהר נִישְׁט אַרוֹיס אִין גַאס מִיטְזִינְגֶען אוּן מִיטְשְׁפִּילְן מִיט דִי פּוּרִים שְׁפִּילֶער? — הָאט זֵיי דִי מוּטֶער גֶעפְרֶעגְט.

— נֵיין, מַאמֶענְיוּ, וְוי וֶועלְן מִיר דִיר אִיבֶּערְלָאזְן אַלֵיין? — הָאבְּן דִי קִינְדֶערְלַאךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט — מַאמֶענְיוּ, הַיינְט אִיז דָאךְ פּוּרִים, דֶערְצֵייל אוּנְז בֶּעסֶער וֶועגְן פּוּרִים...

דִי מוּטֶער הָאט אָפְּגֶעווִישְׁט אַ פָּאר טְרֶערְן אוּן גֶענוּמֶען דֶערְצֵיילְן וֶועגְן אַחַשְׁוֵרוֹשׁ׳ן אוּן אֶסְתֵּר

הַמַלְכָּה, און דֶעם צַדיק מָרְדְכַי, און וֶועגְן דֶעם גְרויזַאמֶען הָמָן הָרָשָע, און ווי עֶר הָאט גֶעקְרָאגְן זַיין בִּיטֶערְן סוף; זי הָאט דֶערְצֵיילְט ווי אִידְן אִין אַלֶע שְטֶעט און שְטֶעטְלַאךְ, אִין אַלֶע צַייטְן, פַּייעֶרְן אַ פְרֵיילִיכְן פּורים דורְךְ שַׁלַח מָנות און מַתָּנות פַאר דִי אָרִימֶעלַייט...

— און פַארְוָואס הָאבְּן מִיר נִישְט גֶעקְרָאגְן מִשְלוחַ מָנות? — רופְט זִיךְ אָפּ דֶער קְלֵיינֶער מֹשֶה'לֶע.

— מִסְתָּמֶא הָאט מֶען אִין אונְז פַארְגֶעסְן — הָאט זִיךְ דִי מוטֶער אָפְּגֶערופְן — מֶענְטְשְן פַארְגֶעסְן אַמָאל, אָבֶּער דֶער אויבֶּערְשְטֶער פַארְגֶעסְט נִישְט. אויב מִיר וֶועלְן זוכֶה זַיין, וֶועט אונְז דֶער אויבֶּערְשְטֶער אַלֵיין שִיקְן שַלַח-מָנות — אַי, אַי, וָואס פַאר אַ שַלַח-מָנות דָאס וֶועט זַיין!

— מִיט הָמָן טַאשְן? הָמָן קְלַאפֶּערְס? און אֶפְשֶר אַ מְגִילָה'לֶע אויךְ, מִיט שֵיינֶע בִּילְדֶער און צַאצְקֶעס?...

— גֶעווִיס, גֶעווִיס! — הָאט דִי מוטֶער

גֶעעֶנְטְפֶערְט, און אִין אִירֶע אוֹיגְן הָאבְּן ווִידֶער אַ בְּלִיץ גֶעגֶעבְן אַ פָּאר טְרֶערְן ווִי פֶּערְל.

אִין מִיטְן דֶער פּוּרִים סְעוּדָה אִיז צוּ יָאשֶׁע בֶּערְן דֶעם גְבִיר אַרַיינְגֶעקוּמֶען אַ אָרִימֶער בֶּעטְלֶער, אַ אַלְטֶער אִיד, אַ זָקֵן. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ פְרֶעמְדֶער, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעקֶענְט, קֵיינֶער הָאט אִיהם פְרִיעֶר אִין שְׁטֶעטְל נִישְׁט גֶעזֶען, און קֵיינֶער הָאט זִיךְ אוֹיף אִיהם נִישְׁט אוּמְגֶעקוּקְט. אִיז עֶר גֶעשְׁטַאנֶען אַ וַוייִלֶע בַּיי דֶער טְהִיר און הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶערְט און אַרוֹיס אִין דְרוֹיסְן. עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען שְׁפֶּעטְלִיךְ, און דֶער אַלְטֶער בֶּעטְלֶער הָאט זִיךְ גֶעאַיילְט... שְׁנֶעל אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען צוּם טַייךְ, פּוּנְקְט ווִי עֶר וָואלְט גֶעקֶענְט דִי שְׁטֶעטְל ווִי זַיינֶע פִינְף פִינְגֶער. עֶר אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ דֶער נִידֶערִיגֶער שְׁטִיבְּל, וואוּ עֶס הָאט גֶעוואוֹינְט דִי אַלְמָנָה און הָאט אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין טְהִיר מִיט זַיין שְׁטֶעקְן.

— אַ גוּטְן פּוּרִים, לִיבֶּע מֶענְטְשְׁן ! — הָאט עֶר אוֹיסְגֶערוּפְן.

— אַ גוּטְן פּוּרִים, לִיבֶּער גַאסְט ! — הָאבְּן דִי

מוּטֶער אוּן קִינְדֶערְלַאךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— שָׂרָה׳לֶע! — הָאט דִי מוּטֶער אוֹיסְגֶערוּפְן — בְּרֵיינְג דִי לִיכְט אוּן צִינְד אָן לְכָבוֹד דֶעם אוֹרֵחַ.

— אָבֶער מַאמֶעניוּ, דָאס אִיז דָאךְ דִי לֶעצְטֶע לִיכְט וָואס מִיר הַאלְטְן אוֹיף שַׁבָּת! — הָאט דִי מֵיידֶעלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— נִישְׁקָשֶׁה, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט גֶעבְּן אַנְדֶערֶע לִיכְט אוֹיף שַׁבָּת. אָבֶער יֶעצְט הָאבְּן מִיר אַ אוֹרֵחַ, אוּן עֶס אִיז פּוּרִים. בְּרֵיינְג דִי לִיכְט, טָאכְטֶער.

דִי קְלֵיינֶע חֶלֶב׳נֶע לִיכְטֶל הָאט גֶעוָוארְפְן אַ שְׁוַואכְן שַׁיין אִין דֶער אָרִימֶער שְׁטִיבְּל. אָבֶער דָאךְ אִיז גֶעוָוארְן פְרֵיילִיכֶער, גֶעמִיטְלִיכֶער.

— אִיהר זֶעהט אוֹיס וְוי אִיהר קוּמְט פוּן אַ וַוייטְן וֶועג, רַבִּי אִיד — הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט — אִיהר זַייט גֶעוִויס הוּנְגֶערִיג אוֹיךְ, גֵייט זִיךְ וַואשְׁן, רַבִּי אִיד, אוּן כַאפְּט אָפּ דָאס הַארְץ. — אוּן צוּ שָׂרָה׳לֶען הָאט זִי גֶעזָאגְט:

— גֵיי לֵייג אוֹיפְן טִישׁ דֶעם שַׁבָּת׳דִיגְן

טִישְׁטַאךְ און שְׁטֶעל צום טִישׁ בְּרוֹיט און זַאלְץ.

שָׂרָה׳לֶע הָאט שוֹין מֶער נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט פַארְוָואס מֶען גִיט דֶעם אוֹרֵחַ אַוֶועק דָאס לֶעצְטֶע שְׁטִיקְל בְּרוֹיט, וֶוען אַלֵיין אִיז מֶען אוֹיךְ נִישְׁט אִינְגַאנְצְן זַאט.

דֶער אוֹרֵחַ הָאט זִיךְ גֶעוַואשְׁן, גֶעמַאכְט "הַמּוֹצִיא". עֶר הָאט גֶעגֶעסְן דָאס שְׁטִיקְל טְרוּקְן בְּרוֹיט, און פַארְטְרוּנְקֶען מִיט וַואסֶער. דַאן הָאט עֶר גֶעבֶּענְטְשְׁט, און וֶוען עֶר הָאט גֶעזָאגְט "עַל הַנִּיסִים" הָאט זַיין גֶעזִיכְט אוֹיפְגֶעלוֹיכְטְן, און עֶס אִיז אַלֶעמֶען פְרֵיילַאכֶער גֶעוָוארְן אוֹיפְן הַארְצְן.

נָאכְן בֶּענְטְשְׁן, הָאט דֶער זָקֵן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן:

— אִיהר הָאט מִיר מַמָּשׁ מְחַיֶּה גֶעוֶוען. יֶעצְט מוּז אִיךְ גֵיין, אָבֶער אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבְּן מַיין מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת פַארְן אַוֶועקְגֵיין.

אַזוֹי רֶעדְנְדִיג הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן זַיין טָארְבֶּע אַ קְלֵיינֶעם פֶּעקֶעלֶע, אַיינְגֶעוִויקֶלְט אִין אַ אַלְטֶע שְׁטִיקְל זַאק טוּךְ, פוּן וַואנֶען עֶס הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעשָׁאטְן אַ בִּיסֶעלֶע אַשׁ...

דער זָקֵן האָט פונאַנדערגעוויקלט דאָס טיכל און פלוצלונג האָט אַ בלישטשע געגעבן אַ הערליכע ליכטיגקייט. דער זָקֵן האָט אַרויסגענומען אַ וואונדערליכן רונג, פון ריינעם גאָלד. אויפן רונג איז געווען אַ קליינע קרוין מיט אַ הערליכן בריליאַנט, וואָס האָט געבלישטשעט און געפינקלט מיט טויזנטער קאָלירן און שטראַלן.

— אָט דעם רונג גיב איך אייך אַלס מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת — האָט דער זָקֵן געזאָגט — ווער עס טהוט אָן דעם רונג אויפן פינגער און שיט אויף איהם אַרויף אַ ביסעלע אַש, אָט פון דעם אַש דאָ, אַזוי באַלד ווערט זיין וואונטש ערפיהלט, אָבער נאָר אויב דער רונג פּאַסט צום פינגער... און אינגאַנצן האָט איהר דריי וואונטשן...

נאָך איידער די מוטער און די קינדערלאַך האָבן געקענט עפּעס אויסרעדן פון גרויס ערשטוינונג, האָט זיך דער זָקֵן אויפגעהויבן און געזאָגט: — אַ גוטן פּורים אייך, טייערע! — און איז מיט אַ צופרידענעם שמייכל אַרויסגעגאַנגען און פאַרשוואונדן געוואָרן.

ווען זיי זיינען געקומען צו זיך, האט זיך משה׳לע אנגערופן:

— לאמיר אנמעסטן דעם רונג!

ער האט אנגעטהון דעם רונג אויף זיין פינגער, און אויסגערופן:

— איך וויל א המן טאש און א מגילה׳לע!

אבער עס איז גארנישט געשעהן.

— די אש, די אש, האסטו פארגעסן! — האט שרה׳לע אויסגערופן.

משה׳לע האט ארויפגעשאטן אביסעלע אש אויף דער קרוין פון דעם רונג, און האט נאך אמאל אויסגערופן זיין וואונטש. און פלוצלונג האט זיך אויפן טיש באוויזן א המן טאש, די גרויס פון א האלבן טיש, און דערביי איז געלעגן א שיינע מגילה׳לע, געשריבן אויף אמתן פארמעט. משה׳לע האט אריינגעקוקט אין דער מגילה׳לע און פונקט ווי א אלטער געניטער בעל קורא אויסגעזונגען: ״ליהודי־י־ים, היתה אורה ושמחה,

וְשָׂשׂוֹן וִיקָ־־ר!

עֶס אִיז גֶעוָוארְן לֶעבֶּעדִיג אוּן פְרֵיילַאךְ אִין דֶער קְלֵיינֶער אָרִימֶער שְׁטִיבְּל.

— לָאז מִיר אוֹיךְ אָנְמֶעסְטְן דֶעם רוּנְג! — הָאט זִיךְ שָׂרָה'לֶע גֶעבֶּעטְן. אוּן וֶוען דֶער רוּנְג הָאט אוֹיךְ אוֹיף אִיהר פִינְגֶער גֶעפַּאסְט, הָאט אִיהר גֶעזִיכְט אוֹיפְגֶעשְׁטְרַאלְט.

דִי הָאט זָארְגְפֶעלְטִיג אַרוֹיפְגֶעשָׁאטְן אַ בִּיסֶעלֶע אַשׁ אוֹיף דֶער קְרוֹין פוּן רוּנְג, אוּן הָאט צוּגֶעמַאכְט אִירֶע אוֹיגֶעלֶעךְ, אוּן אַרוֹיסְגֶעשֶׁעפְּשֶׁעט אַ תְּפִילָה:

— לִיבֶּער גָ־טְנִיוּ, זָאל מַיין לִיבֶּע מַאמֶע וֶוערְן גֶעזוּנְט!

אוּן וֶוען זִי הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דִי אוֹיגְן, הָאט זִי בַּאלְד דֶערְזֶען וִוי אִיהר מַאמֶעס גֶעזִיכְט הָאט פַארְלָארְן אַלֶע קְנֵייטְשְׁן; דִי בְּלֵייכְקַייט אִיז פַארְשְׁווּאוּנְדְן, אוּן דִי אוֹיגְן הָאבְּן אוֹיפְגֶעשַׁיינְט. דִי מוּטֶער אִיז גֶעזוּנְט גֶעוָוארְן!

אִין דֶער קְלֵיינֶער שְׁטִיבְּל אִיז גֶעוָוארְן נָאךְ לֶעבֶּעדִיגֶער אוּן פְרֵיילַאכֶער.

דַאן הָאט דִי מוּטֶער גֶעזָאגְט:

— קִינְדֶערְלַאךְ, עֶס אִיז אוּנְז גֶעבְּלִיבְּן נָאר אֵיין וואוּנְטְשׁ. לָאמִיר זֶען, אוֹיב דֶער רוּנְג וֶועט אוֹיף מִיר פַּאסְטְן...

דִי קִינְדֶערְלַאךְ הָאבְּן אָנְגֶעשְׁטְרֵיינְגְט זֵייעֶרֶע בְּלִיקְן אוֹיף דֶער מַאמֶעס צַארְטֶע הֶענְט, גֶעוַוארְט מִיט שְׁפַּאנוּנְג...

יָא, אוֹיךְ אוֹיף דֶער לִיבֶּער מוּטֶער הָאט דֶער רוּנְג גֶעפַּאסְט! עֶס אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבְּן אֵיין קַאפִּיטְשְׁקֶע אַשׁ אוֹיף דֶער טִיכְל, אוּן דִי מוּטֶער הָאט עֶס צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבְּן אוּן אַרוֹיפְגֶעשָׁאטְן אוֹיף דֶער קְרוֹין פוּן רוּנְג. דַאן הָאט זִי אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אִירֶע אוֹיגְן צוּם הִימְל אוּן גֶעבֶּעטְן:

— לִיבֶּער גָ־ט, זָאלְן מִיר נִישְׁט דַארְפְן מֶעהר אָנְקוּמֶען צוּ קֵיין מֶענְטְשְׁנְס הַאנְד, נָאר צוּ דַיין גוּטֶע, בְּרֵייטֶע הַאנְד אַלֵיין!

מוטער און קינדער זיינען געבליבן זיצן פאַרטראַכטערהייט, אָבער עס איז גאָרנישט געשען. נאָר אין טהיר האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ און עס איז אָנגעקומען דער בריוטרעגער.

— גוט פּורים! וואָס זייט איהר דאָס אַזוי פאַרטראַכט? — האָט דער בריוטרעגער געפרעגט, און ווען ער האָט באַמערקט דעם רונג, האָט ער אויסגערופן:

— ווי קומט עס צו אייך אַזא וואונדערליכער רונג?

משה׳לע האָט איהם באַלד דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט.

— אָ, איך בעט אייך, גיט מיר אויף אָנפּאַסן דעם וואונדערליכן רונג, אפשר וועל איך אויך געהאָלפן ווערן?

די גוטע מוטער האָט דערלאַנגט דעם רונג צום בריוטרעגער, און ער האָט איהם געפּרובט אָנטהון. עס איז אָבער נישט געגאַנגען, נישט אויף איין פינגער, נישט אויף אַ אַנדערן, נישט אויף דער

רֶעכְטֶער הַאנְד, נִישְׁט אוֹיף דֶער לִינְקֶער, און וִוי עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעמַאטֶערְט אָנְצוּטְהוּן דֶעם רוּנְג, הָאט זִיךְ דֶער רוּנְג אַרוֹיסְגֶעגְלִיטְשְׁט און הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען קַייקְלֶען, קַייקְלֶען..

— אוֹי, אוֹי! כַאפְּט אִיהם, כַאפְּט אִיהם! — הָאבְּן אַלֶע אוֹיסְגֶערוּפְן.

אָבֶער דֶער רוּנְג הָאט זִיךְ גֶעקַייקְלְט און גֶעקַייקְלְט, אַרוֹיסְגֶעקַייקְלְט זִיךְ דוּרְכְן טְהִיר אִין גַאס אַרוֹיס, און אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן. צוּזַאמֶען מִיט אִיהם אִיז אוֹיךְ פַארְשְׁוואוּנְדְן די אַלְטֶע טִיכְל.

וִוי גֶעטְרָאפֶען פוּן אַ דוּנֶער זַיינֶען אַלֶע גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֵיין פַארְגְלִיוֶוערְטֶע. דֶער בְּרִיוו טְרֶעגֶער הָאט אָפְּגֶעוּוישְׁט די שְׁוֵוייס פוּן זַיין גֶעזִיכְט, הָאט אַ הוּסְט גֶעגֶעבְּן און אַרוֹיסְגֶעשְׁטַאמְלְט:

— אִיךְ הָאבּ פַאר אַייךְ גֶעבְּרַאכְט אַ פַארְזִיגְלְטְן בְּרִיוו, שְׁרַייבְּט זִיךְ אוּנְטֶער...

וֶוען די אַלְמָנָה הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דֶעם בְּרִיוו,

הָאט זִי זִיךְ קוּים גֶעקֶענְט הַאלְטְן אוֹיף דִי פִיס. עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ יְדִיעָה אַז אִירֶער אַ אַלְטֶער פֶעטֶער הָאט אִיהר אִיבֶּערְגֶעלָאזְן אַ גְרוֹיסֶע יְרוּשָׁה אִין אַמֶעריקֶע...

— מַאמֶע! דַיין תְּפִלָּה אִיז דָאךְ אוֹיךְ מְקוּיָם גֶעוָוארְן, ווִי דֶער אַלְטֶער הָאט גֶעזָאגְט — הָאט שָׂרָה'לֶע אוֹיסְגֶערוּפְן.

וֶוען זֵיי זַיינֶען אַלֶע גֶעזֶעסְן אַרוּם דֶעם טִישׁ און הָאבְּן גֶעגֶעסְן פוּן גֶעשְׁמַאקְן הָמָן־טַאשׁ, אָנְגֶעפִילְט מִיט מָאן און רָאזְשִׁינְקֶעס, וָואס הָאט גֶעהַאט זִיבֶּעצִיג טַעמִים, הָאט משֶׁה'לֶע גֶעפְרֶעגְט:

— מַאמֶע, וֶוער אִיז דָאס גֶעוֶוען דֶער אַלְטֶער?

— קִינְדֶערְלַאךְ, דָאס אִיז גֶעוֶוען נִישְׁט קֵיין אַנְדֶערֶער ווִי מָרְדְכַי הַצַדִיק! — הָאט דִי מוּטֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— אוֹיבּ אַזוֹי אִיז דָאךְ דֶער רוּנְג גֶעוֶוען אַוַדְאַי דֶער וֶועלְכְן אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאט צוּגֶענוּמֶען פוּן הָמָן'ען און אָפְּגֶעגֶעבְּן מָרְדְכַי'ן! — הָאט

אויסגערופן שׂרה׳לע.

— און די אַש איז אַוודאי געוועזן די וואס מרדכי און די קינדערלאך האבן געשאטן אויף זיך ווען זיי האבן געפּאַסט! — האט משה׳לע אויסגערופן.

— איך מיין, אַז איהר האט רעכט, קינדערלאך! — האט די מוטער געזאָגט, און דאן האבן אַלע אויסגערופן: „ברוך מרדכי היהודי!״. זיי זיינען אַרויס אין אַ פּורים־טאַנץ אַרום דעם טיש. און זייער געזאַנג איז געווען פריילּיכער און הילכיגער פון דעם געזאַנג פון די פּורים־שפּילער אין דרויסן...

# עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ שְׁטַאמְלֶער

אִיבֶּער דִי שְׁטָאט וָוארְמְס וָואס אִין דַייטְשְׁלַאנְד הָאט רֶעגִירְט מִיט אַ סַאךְ יָאהרְן צוּרִיק אַ גְרוֹיזַאמֶער דוּכַּס מִיטְן נָאמֶען אַדָאלְפוּס. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער רָשָׁע אוּן עֶר הָאט לִיבּ גֶעהַאט צוּ הוּלְטַייעֶן. כְּדֵי צוּ הָאבְּן דִי מִיטְלֶען פַאר זַיינֶע הוּלְיַאנְקֶעס, פְלֶעגְט עֶר בַּארוֹיבְּן דִי גַאנְצֶע בַּאפֶעלְקֶערוּנְג וָואס אוּנְטֶער זַיין שׁוּץ.

אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט עֶר פַיינְט גֶעהַאט דִי אִידְן אוּן פְלֶעגְט פַארְבִּיטֶערְן זֵייעֶר לֶעבְּן מִיט שְׁוֶוערֶע שְׁטַייעֶרְן וָואס עֶר פְלֶעגְט אוֹיף זֵיי אַרוֹיף וַוארְפְן אוּן מִיט בִּיטֶערֶע אוּן אַכְזָרִיוּת׳דִיגֶע גְזֵירוֹת.

אִין אַ טָאג הָאט אַדָאלְפוּס גֶעפוּנֶען אִין זַיינֶע אַלְטֶע פַאמִילְיֶע־יִחוּס־שְׁרִיפְטְן אַז זַיין אָבְּשְׁטַאם אִיז פוּן וַיְזָתָא בֶּן הָמָן בֶּן הַמְדָתָא.

אִין דִי נָאהנְטֶע טֶעג פַאר פּוּרִים הָאט עֶר

געשיקט ברייננגען פאר זיך די עלטסטע פון די אידן. ווען זיי זיינען געקומען צו איהם האט ער געשריגן צו זיי מיט כעס:

— הערט אידן, איהר אומגעטריי פאלק וואס לעבנדיג ביי אונז אין לאנד, ווילט איר נישט אננעמען אונזער רעליגיאן! מיט די זינד פון אייערע אור־עלטערן זיינען געהאנגען געווארן המן און ויזתא מיינע זיידעס די צדיקים און מיינע ניין ערליכע פעטער׳ס, די חשובע הארן פון פרס ומדי. און איהר, אנשטאט צו טרויערן נאך אזעלכע גוטע און ערליכע לייט ווי זיי זיינען געווען, וואס זיינען אומגעקומען אומשולדיגע, האט איהר זיך נאך געמאכט א שמחה און א יום טוב מיטן נאמען "פורים" צום אנדיינק פון זייער טויט, און איהר מיט אייערע קינדער לייענען דעם טאג אין אייערע שולן א מגילה, שעלטנדיג און שענדענדיג מיינע ערהאבענע עלטערן. איך בעפויל דעריבער אויף אייך, אז איהר זאלט מער נישט פייערן דעם יום־טוב פורים אין מיין שטאט און זאלט מער נישט לייענען די מגילה, נאר אין דעם טאג זאלט איר זיצן טרויעריגע אין אייערע

הַײזֶער, אִיהר זָאלְט נִישְׁט זִינְגֶען אוּן אֲפִילוּ קֵיין לִיכְט נִישְׁט אָנְצִינְדְן. אוּן וֶוער עֶס וֶועט עוֹבֵר זַיין אוֹיף מַיין בֶּעפֶעל — וֶועט פֶערְאוּרְטֵיילְט וֶוערְן צוּם טוֹיט.

דִי רָאשֵׁי הַקָהָל פוּן וָוארְמְס זַייְנֶען פַארְצִיטֶערְט גֶעוָוארְן הֶערְנְדִיג דִי רֵייד פוּן דֶעם דוּכָּס אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעפְּרוּבְט בֶּעטְן בַּיי אִיהם:

— אוּנְזֶער הֵאר דֶער פִּיל־גֶעעֶהרְטֶער דוּכָּס! פוּן אַלְטֶע צַייטְן, זִינְט מָרְדְכַי הַצַדִיק אוּן אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, פַייעֶרְן מִיר דֶעם פּוּרִים אוּן לוֹיבְּן אִין דֶעם טָאג אוּנְזֶער גָ־ט פַאר דִי נִיסִים וָואס עֶר טְהוּט אוּנְז שְׁטֶענְדִיג, אוּן מִיר גִיבְּן אוֹיךְ גֶעשַׁאנְקֶען דִי אָרִימֶע וֶועלְכֶע הָאבְּן גָארְנִישְׁט, כְּדֵי צוּ זֶעטִיגְן זֵייעֶר הוּנְגֶער. מִיר בֶּעטְן, אַלְזָא, אוּנְזֶער הֵאר, פַארְשְׁטֶער נִישְׁט אוּנְזֶער יוֹם־טוֹב אוּן מִיר וֶועלְן שְׁטֶענְדִיג בֶּעטְן פַאר אַייךְ בַּיי גָ־ט.

אָבֶּער וָואס מֶער דִי פַּרְנָסִים הָאבְּן זִיךְ גֶעבֶּעטְן בַּיים דוּכָּס עֶר זָאל פַארְצִיכְטְן אוֹיף זַיין שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירָה, הָאט עֶר מֶער פַארְשְׁטֵיינֶערְט זַיין הַארְץ אוּן פַארְשְׁטָאפְּט זַיינֶע אוֹיעֶרְן פוּן צוּ הֶערְן זֵייעֶר

גֶעבֶּעט. עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁרִיגְן מִיט גְרוֹיס צָארְן:

— אִיךְ הָאבּ גוֹזֵר גֶעוֶוען אוּן אִיךְ וֶועל נִישְׁט צוּרִיק צִיהֶען, אִיהר זָאלְט הִיטְן אַייעֶר לֶעבְּן אוּן זָאלְט נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ טְהוּן ווי מַיין בֶּעפֶעל, וֶוען נִישְׁט וֶועל אִיךְ מַאכְן פוּן אַייךְ אַ עֶנְדֶע!

די רָאשֵׁי הַקָהָל זַיינֶען אַרוֹיס דֶערְשְׁלָאגֶענֶע אוּן פַארְשֶׁעמְטֶע. זֵיי זַיינֶען גֶעקוּמֶען צוּ זֵייעֶרֶע בְּרִידֶער אוּן מִיט גֶעוֵויין הָאבְּן זֵיי מִיטְגֶעטֵיילְט זֵיי וֶועגְן די בִּיטֶערֶע גְזֵירָה.

תַּעֲנִית אֶסְתֵּר זַיינֶען אַלֶע וָוארְמֶעסֶער אִידְן גֶעוֶוען אַיינְגֶעהִילְט אִין אַ גְרוֹיסְן טְרוֹיעֶר. פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין הָאבְּן אַלֶע גֶעפַאסְט אוּן אוֹיסְגֶעגָאסְן זֵייעֶר הַארְץ אִין זֵייעֶרֶע תְּפִלּוֹת פַאר גָ־ט עֶר זָאל זֵיי הֶעלְפְן אַז זֵיי זָאלְן נִישְׁט דַארְפְן מְבַטֵּל זַיין דֶעם יוֹם־טוֹב פּוּרִים.

וֶוען דֶער תַּעֲנִית הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט, זַיינֶען זִיךְ אַלֶע אִידְן צוּגַאנְגֶען פוּן שׁוּהל פַארְשְׁמַאכְטֶע פוּן הוּנְגֶער אוּן טְרוֹיעֶר. די שׁוּהל אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַ פַארְמַאכְטֶע, אַ פִינְסְטֶערֶע, אוּן אַזוֹי אוֹיךְ אַלֶע

אִידִישֶׁע הַייזֶער אִין שְׁטָאט, וַוייל דִי פָּאלִיצֵיי פוּן דֶעם דוּכָּס זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער וַואך אַז דִי גְזֵירָה זָאל גֶעהִיט וֶוערְן. אִין אֵיינִיגֶע הַייזֶער הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען אִידְן וֶועלְכֶע הָאבְּן זִיךְ בַּאהַאלְטְן אִין אַ הַאלְבּ פִינְסְטֶערְן ווִינְקְל פוּן אַ קֶעלֶער צוּ לֵייעֶנֶען דִי מְגִילָּה מִיט טְרֶערְן אִין דִי אוֹיגְן ווִי צוּ "אֵיכָה".

דֶער רָשָׁע אַדָאלְפוּס הָאט זִיךְ זֵייעֶר גֶעפְרֵייט מִיט דִי אִידְנְס טְרוֹיעֶר אוּן אִין דֶעם אָוְונְט הָאט עֶר צוּגֶעגְרֵייט אַ גְרוֹיסְן מָאלְצַייט פַאר זַיינֶע אַלֶע הַארְן אוּן פְרַיינְט. עֶר הָאט גֶעפְרֶעסְן, גֶעזוֹיפְן, גֶעשִׁיכּוֹרְט אוּן הוֹלֶיעֶנְדִיג הָאט עֶר אָבְּגֶעלַאכְט פוּן דִי אִידְן מִיט זֵייעֶר תּוֹרָה.

אַזוֹי ווִי עֶר זִיצְט אוּן זוֹיפְט וַויין אוּן שְׁפֶּעט אָפּ פוּן דִי אִידְן, הָאט עֶר פְּלוּצִים דֶערְזֶען אַ גְרוֹיסֶע גְרוּפֶּע אִידִישֶׁע אִינְגְלַאךְ בַּאוָואפְנְטֶע מִיט אַלֶע סָארְטְן פּוּרִים־גֶעוֶוער: הַאמֶערְס, גְרַאגֶערְס אוּן פוּלְוֶוער־בִּיקְסְלַאךְ — ווִי זֵיי שְׁטֵייעֶן גְרֵייט אָנְצוּפַאלְן אוֹיף אִיהם. עֶר אִיז עֶרְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארְן דָאס זֶעהֶענְדִיג אוּן ווִי נָאר עֶר הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט זַיין הַאנְד צוּ כַאפְּן דֶעם יוּנְג וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אִין שְׁפִּיץ פוּן דִי יוּנְגֶען — זַיינֶען

זײַנע אויערן פֿאַרטויבט געוואָרן פֿון דעם רעש פֿון די קלאַפּער געצײַג וואָס בײַ די קינדער אין די הענט און גלײַכצײַטיק האָט ער געכאַפּט אַ קולאַק אין פּיסק, אַז זײַנע צײן האָבן זיך געטרײסלט. בייגנדיק די קאָפּ אויף הינטער האָט ער באַקומען אַ צווייטן קולאַק אין נאַקן. ער האָט זיך באַלד געפונען אונטער אַ רעגן פֿון קלעפּ וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף אים פֿון אַלע זײַטן. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון זײַן אָרט אַ צומישטער, ווען זײַן פֿאַרקרימטער פּנים האָט באַקומען די פֿאַרבן פֿון אַ רעגנבויגן, און ער האָט געשריגן צו די געסט:

— וואָס שווייגט איר? קומט ראַטעוועט מיר פֿון די הענט פֿון די אידישע אינגלאַך וואָס צורײַסן מיר אויף שטיקער לעבעדיגערהייט!

די געסט וואָס האָבן קיינעם נישט געזען אין זאַל, האָבן געטראַכט אַז דער דוכּס איז אַראָפּ פֿון זינען, דעריבער פֿאַנטאַזירט ער און שרייט נישט צו דער זאַך. זיי האָבן זיך געווענדעט צו אים און געזאָגט:

— אוּנזער האַר, דער געערטער דוּכּס! מיר זעהען דאָך קיינעם נישט. וואָלטן מיר געזען די אינגלאַך וואָס טשעפּען אייך, וואָלטן מיר זיי באַלד צוּם טויט געשלאָגן.

אַדאָלפוּס האָט אָבער געשריגן אוּן געיאָמערט:

— אָט זיינען זיי די קינדער וועלכע שלאָגן מיר פוּן אַלע זייטן מיט אַזא אַכזריות, כאַפּט זיי, ווייל ווען נישט פאַל איך באַלד אַ טויטער!

די געסט האָבן איהם געפּרוּבט באַרוּהיגן זאָגנדיג אַז קיינער אויסער זיי געפינט זיך נישט אין הויז, אָבער אָן ערפאָלג. ער האָט זיך געוואָרפן, געפּאַטשעט מיט די הענד ווי איינער וואָס שיצט זיך פוּן קלעפּ. אַזוי וואַרפנדיג זיך איז ער אַרוּיף געשפּרוּנגען אויפן טיש, האָט צוּבראָכן די טייערע כלים וואָס זיינען געשטאַנען אוּן האָט געשריגן צוּ די געסט:

— פּחדנים! נאָר צוּ פרעסן אוּן צוּ זויפן זיינט איהר געקוּמען צוּ מיר אָבער צוּ העלפן אוּן

ראַטעוועוען מיר ווילט איהר נישט. גייט שוין אַרויס פון מיין שטוב!

די געסט זיינען זיך צוגאַנגען פאַרשעמטע.

נאָך דעם וואס די געסט זיינען אַוועק, זיינען צוגעגאַנגען צו איהם זיין פרוי און קינדער מיט דער דינערשאַפט, זיי האָבן איהם אָנגענומען און אַריינגעטראָגן אין שלאָף צימער און געלייגט אין בעט זאגנדיג:

— נאָר פון דעם וואס ער האט זיך איבער געטרונקען מיט וויין האט עס איהם פאַרשאַדט, ער וועט זיך איבער שלאָפן ביז עס וועט אויסוועבן די וויין און עס וועט איהם בעסער ווערן.

אָבער אויך אין בעט האט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען:

— ראַטעוועט מיר פון די אידישע אינגלאך וואס הרגענען מיר.

אזוי שרייענדיג האט ער דערזעהן אַ

גֶעשְׁטַאלְט אָנְגֶעקְלֵיידֶעט קֶענִיגְלִיךְ אוּן בַּאקְרוֹינְט מִיט אַ גָאלְדְן קְרוֹין בַּאזֶעצְט מִיט בְּרִילְיַאנְטְן. דֶער מַאן הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

— רָשָׁע בֶּן רָשָׁע! אִיךְ בִּין מָרְדְכַי הַיְהוּדִי, דֶער וָואס הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט קְנִיעֶן קְנִיעֶן פַאר דַיין זֵיידְן הָמָן הָרָשָׁע יִמַּח שְׁמוֹ. וַוייל אַ אִיד קְנִיעֶט נִישְׁט פַאר קֵיין מֶענְטְשׁ אוּן פַאר קֵיין אָפְּגָאט נָאר פַאר דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטְן דֶער בַּאשֶׁעפֶער פוּן הִימְל אוּן עֶרְד. וֶוען דַיין זֵיידֶע הָאט גֶעזֶען אַז אִיךְ בּוּק זִיךְ נִישְׁט פַאר אִיהם, הָאט אִין אִיהם גֶעבְּרֶענְט דֶער כַּעַס אוּן עֶר הָאט גֶעוָואלְט פַארְנִיכְטְן מַיין גַאנְצֶע פָאלְק אוּן מִיר אוֹיפְהֵיינְגֶען אוֹיף אַ בּוֹים וָואס עֶר הָאט צוּגֶעגְרֵייט. אָבֶּער דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט צוּשְׁטֶערְט זַיין גֶעדַאנְק אוּן הָאט אַרַיינְגֶעגֶעבְּן אַ גוּטְן גֶעדַאנְק דֶעם קֶענִיג אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, וֶועלְכֶער הָאט בַּאפוֹילְן הֵיינְגֶען הָמָן'עֶן אוֹיף דֶעם בּוֹים וָואס עֶר הָאט צוּגֶעגְרֵייט פַאר מִיר. מִיר הָאט דֶער קֶענִיג גֶעמַאכְט גְרוֹיס אוּן מַיין פָאלְק אִיז גֶעהָאלְפְן גֶעוָוארְן. אַלְס אָנְדֵיינְק פַאר דֶער יְשׁוּעָה הָאבְּן מִיר בַּאפוֹילְן, צוּ פַייעֶרְן דֶעם פּוּרִים יֶערְלִיךְ בִּיז אֵייבִּיג.

— און אַט ביזטו אויפגעשטאַנען, אַדאַלפוס דער רשע, אַ אַבשטאַם פון וַיְזָתָא און דער זוהן פון המן און דו האסט זיך גענומען גיין אין המן'ס שלעכטע וועגן, אונטערדריקן מיינע פאלקס לייט, די בירגער פון דיין שטאט, האסט זיי שטענדיג געשענדעט און ערנידערט ביז צו דער ערד. און נאך די אלע שלעכטס וואס דו האסט זיי געטהון, האסטו זיך געוואגט גוזר זיין אויף זיי אַ טרויער אין דעם טאג פון זייער הילף און פרייד, צולייגנדיג זינד אויף דיין רשעות, מיטן מאכן דעם אוונט אַ באל פאר דיינע פריינד און לאכן פון מיין פאלק מיט זייער גלויבן. ערשט וועט עס דיר געצאלט ווערן.

— וויסן זאלסטו אז איך האב געשיקט צו דיר די אידישע אינגלאך זיי זאלן נקמה נעמען פון דיר פאר זייערע ברידער וואס דו האסט פארשטערט דעם פרייד פון זייער יום־טוב, איבערקערנדיג דעם טאג צום טרויער. איך האב זיי באפוילן זיי זאלן דיר שלאגן. וויסן זאלסטו, רשע בן רשע, דאס אויב דו וועסט נישט מבטל זיין די שלעכטע גזרה און די אנדערע גזרות וואס דו

הָאסְט גוֹזֵר גְעֶוועֶן אוֹיף דִי אִידְן, וֶועלְן מַיינֶע אִינגְלַאךְ נִישְׁט אוֹיפְהֶערְן דִיר צוּ שְׁלָאגְן בִּיז צוּם טוֹיט, אוּן זֵיי וֶועלְן פַארְנִיכְטְן דַיין גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע.

וֶוען אֲדָאלְפוּס הָאט גְעֶהֶערְט מָרְדְכַי׳ס רֵייד הָאט עֶר זִיךְ גְעֶוָוארְפְן פוּן שְׁרֶעק. עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער אָנְגֶעטְהוּן אַ כֹּחַ אוּן הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטְן:

— מַיין הֵאר מָרְדְכַי! בִּיטֶע, הָאט רַחְמָנוּת אוֹיף אַייעֶר קְנֶעכְט אוּן נֶעמְט צוּ פוּן מִיר דִי הֶענְד פוּן אַייעֶרֶע אִינְגְלַאךְ, וַוייל מַיינֶע כֹּחוֹת גֵייעֶן אוֹיס פוּן יְסוּרִים. אֶמֶת, אִיךְ הָאבּ שְׁוֶוער גְעזִינְדִיגְט קֶעגְן אַייעֶר פָאלְק, אָבֶּער זַייט מִיר מוֹחֵל דֶעם מָאל אוּן רַאטֶעוֶועט מִיר פוּן טוֹיט אוּן אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ, אַז אִיךְ וֶועל נָאךְ דֶעם אָוְונְט מְבַטֵל זַיין מַיינֶע אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע גְזֵירוֹת פוּן דִי אִידְן אוּן אִיךְ וֶועל זֵיי שְׁטֶענְדִיג גוּטְס טְהוּן.

הָאט מָרְדְכַי גְעעֶנְטְפֶערְט:

— נֵיין, אֲדָאלְפוּס הָרָשָׁע! דַיינֶע זִינְד זַיינֶען צוּ שְׁוֶוער אַז מֶען זָאל דִיר מוֹחֵל זַיין, נָאר דֶעם מָאל וֶועסְטוּ נִישְׁט גֶעהַרְגֶעט וֶוערְן. אָבֶּער וַוייל דוּ

הָאסְט גֶעזִינְדִיגְט מִיט דַײן צוּנְג, שֶׁעלְטְנְדִיג מַײן פָּאלְק מִיט זַײן הֵײלִיגֶע תּוֹרָה, וֶועסְטוּ זַײן פוּן הַײנְט אָן דַײן גַאנְצְן לֶעבְן אַ שְׁטַאמְלֶער אוּן דוּ וֶועסְט זַײן דֶערְמִיט צוּ שַׁאנְד אוּן צוּ שְׁפָּאט בַּײ אַלֶעמֶען. אָבֶער אוֹיבּ דוּ וֶועסְט נִישְׁט מְקַיֵים זַײן דַײן שְׁבוּעָה וָואס דוּ הָאסְט גֶעשְׁוָוארְן, וֶועסְטוּ מִיט דַײן פַאמִילְיֶע אוּמְקוּמֶען מִיט גְרוֹיסֶע יְסוּרִים.

וֶוען מָרְדְכַי הָאט פַארְעֶנְדִיגְט זַײנֶע רֵייד, אִיז עֶר פַארְשְׁווּאוּנְדְן גֶעוָוארְן אוּן מִיט אִיהם זַײנֶען אוֹיךְ פַארְשְׁווּאוּנְדְן גֶעוָוארְן דִי אִינְגְלַאךְ.

אַדָאלְפוּס הָאט דֶערְצֵיילְט פַאר זַײנֶע הוֹיז גֶעזִינְד וָואס מָרְדְכַי הָאט גֶערֶעדְט צוּ אִיהם. וֶוען זֵיי הָאבְן גֶעהֶערְט זַײן שְׁטַאמְלֶענְדִיגְן לָשׁוֹן הָאבְן זֵיי אוֹיסְגֶעבְּרָאכְן מִיט אַ גֶעוֵויין שְׁרַײעֶנְדִיג:

— פַארְשָׁאלְטְן זָאל זַײן וַיְזָתָא מִיט הָמָן׳עָן צוּזַאמֶען וָואס אִיבֶּער זֵיי אִיז אוֹיךְ אוֹיף דִיר גֶעקוּמֶען דִי גְרוֹיסֶע שְׁטְרָאף. אַײל זִיךְ צוּ אוּן טְהוּ וִוי דוּ הָאסְט צוּגֶעזָאגְט מָרְדְכַי׳ן כְּדֵי צוּ רַאטֶעוֶוען אוּנְזֶער לֶעבְן.

אַדָאלְפוּס הָאט גֶעטְהוּן וִוי זֵיי הָאבְן גֶעזָאגְט

און ער האָט געשיקט איינעם פון זיינע דינער צו רופן די אידישע ראשי הקהל. דער דינער איז געלאָפן און געאיילט די ראשי הקהל צו קומען צום דוכּס. הערנדיג דאָס, איז זיי דאָס הארץ כּמעט אַרויסגעפאַלן פון גרויס שרעק, טראַכטנדיג: "ווער ווייסט וועלכע נייע גזירות וויל ער גוזר זיין אויף אונז?". זיי זיינען געגאַנגען און געוויינט, אויסגיסנדיג זייער ביטער האַרץ פאַר דעם רבונו של עולם:

— איז עס ווינציג וואָס אונזער שמחת פורים איז פאַרשטערט געוואָרן, הייליגער פאָטער אין הימל. ביז ווי לאַנג וועט דער רשע אונז פּייניגן?

שטעלנדיג זיך פאַר דעם דוכּס האָבן די פּרנסים געזאָגט:

— אונזער האַר, דער געערטער דוכּס! מיר האָבן געטהון וואָס איהר האָט אונז באַפוילן, און ערשט בעטן מיר אייך אַז איהר זאָלט אויף אונז מער קיין גזרות נישט גוזר זיין און קיין קאָנטריבוציע נישט אַרויף לייגן, ווייל מיר האָבן מער קיין כּח נישט צו פאַרטראָגן.

הָאט אַדָאלְפוּס גֶעעֶנְטְפֶערְט שְׁטַאמְלֶענְדִיג:

— פָּארְכְּט אַייךְ נִישְׁט גֶעעֶרְטֶע פַּרְנָסִים, אִיךְ הָאבּ אַייךְ נִישְׁט גֶערוּפְן וֶועגְן נַייעֶ גְזֵירוֹת, נָאר אַייךְ צוּ זָאגְן אַז אִיךְ בִּין מְבַטֵל מַיינֶע אַלֶע גְזֵירוֹת. גֵייט אוּן פְרֵיידְט זִיךְ אִין אַייעֶר יוֹם טוֹב וְוי אַלֶעמָאל אוּן בֶּעט פַאר מִיר בַּיי אַייעֶר גָ־ט עֶר זָאל מִיר אוֹיסְהֵיילְן פוּן מַיין מוּם וָואס אִיךְ הָאבּ בַּאקוּמֶען.

דִי פַּרְנָסִים זַיינֶען פַארְווּאוּנְדֶערְט גֶעוָוארְן הֶערְנְדִיג דִי רֵייד. זֵיי הָאבְּן זִיךְ אַיינְגֶעהַאלְטְן פוּן אוֹיסְבְּרֶעכְן מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער, אוּן בַּאדַאנְקֶענְדִיג אִיהם זַיינֶען זֵיי פְרֵיילִיכֶע אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

*

בַּאלְד אִיז דֶער שׁוּהל קְלַאפֶּער אַרוּם גֶעלָאפְן, וְוי צוּ סְלִיחוֹת, וֶועקְן אוּן רוּפְן דִי אִידְן אִין שְׁטָאט צוּ דֶער מְגִילָה. דִי אִידִישֶׁע הַייזֶער זַיינֶען לִיכְטִיג גֶעוָוארְן אוּן זֵייעֶרֶע אַיינְוואוֹינֶער הָאבְּן גֶעשְׁטְרָאמְט מַאסְנְוַוייז אִין שׁוּהל אַרַיין. דִי מְגִילָה אִיז גֶעלֵייעֶנְט גֶעוָוארְן מִיט דִי גְרֶעסְטֶע שִׂמְחָה, אוּן דִי אִידִישֶׁע וָוארְמְס אִיז גֶעוֶוען צָהָלָה וְשָׂמֵחָה.

# אִין זְכוּת פוּן הָמָן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער

דָאס מֶערְהַייט פוּן דִי אַיינְוואוֹינֶער פוּן שְׁטֶעטְל סָאקָאלְקֶע, זַיינֶען גֶעוֶוען אֲנָשִׁים פְּשׁוּטִים, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען פַארְטְהוּן דִי גַאנְצֶע וָואךְ מִיט פַּרְנָסָה. צְווִישְׁן זֵיי הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעצֵייכְנֶט אַ בֶּעזוּנְדֶער פַאמִילְיֶע, אַ טַאטֶע מִיט קִינְדֶער, וֶועלְכֶע זַיינֶען גֶעוֶוען גָאר פְּרָאסְטֶע מֶענְטְשְׁן, אוּן עֶס אִיז גֶעוֶוען שְׁוֶוער צוּ שְׁטֵיין אִין זֵייעֶרֶע ד׳ אַמּוֹת. זֵיי הָאבְּן אוֹיךְ בַּאקוּמֶען אִין שְׁטֶעטְל אַ מְשׁוּנֶה׳דִיגְן נָאהמֶען: ״הָמָן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער״ צוּלִיבּ צְוֵויי טַעֲמִים, עֶרְשְׁטְנְס הָאט דֶער דָאזִיגֶער אִיד גֶעהַאט צֶעהְן קִינְדֶער פּוּנְקְט וִויפְל קִינְדֶער עֶס וֶוערְט דֶערְמָאנְט אִין דֶער מְגִילָּה בַּיי הָמָן. צְוֵוייטְנְס אִיז זֵייעֶר פַאךְ גֶעוֶוען נִישְׁט גָאר קֵיין רֵיינֶע, וֶועלְכֶע עֶס פְלֶעגְן זִיךְ דֶער עִיקָר מִיט דֶעם פַארְנֶעהמֶען נָאר גוֹיִם פוּן וֶועמֶען עֶס לָאזְט זִיךְ שְׁפִּירְן נִישְׁט קֵיין גוּטֶער רֵיחַ. זֵיי הָאבְּן גֶערֵיינִיגְט קַאנַאלְן, אַ

אַרְבֶּעט לויט ווי עֶס אִיז בַּאקַאנְט, הָאט הָמָן הָרָשָׁע זִיךְ דֶערְמִיט בַּאשֶׁעפְטִיגְט נָאךְ אֵיידֶער עֶר אִיז גֶעוָוארְן מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ, און דֶערְמִיט גֶעהַאט צוּ טְהוּן אֵיידֶער עֶר אִיז אויפְגֶעהָאנְגֶען גֶעוָוארְן, דַאן וֶוען זַיין טָאכְטֶער הָאט אִיהם מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט אַ גִיס אָפּ וֶוען עֶר הָאט גֶעפִירְט מָרְדְכַי הַצַדִיק אויפְן פֶערְד...

וֶוען נִישְׁט דֶער רָב פון שְׁטֶעטְל, וָואלְט זִיךְ דִי דָאזִיגֶע פַאמִילְיֶע נִישְׁט אויפְגֶעהַאלְטְן און אַלֶע וָואלְטְן זִיךְ דֶערְוַוייטֶערְט פון זֵיי צוּלִיבּ זֵייעֶר נִישְׁט רֵיינֶע אַרְבֶּעט. אִיז אָבֶּער דֶער רָב גֶעוֶוען אַ גְרויסֶער עֶרְלִיכֶער אִיד, גֶעזֶעסְן טָאג און נַאכְט און גֶעלֶערְנְט. דִי אַיינְוואוינֶער פון שְׁטֶעטְל הָאבְּן אִיהם זֵייעֶר לִיבּ גֶעהַאט און עֶר הָאט כְּסֵדֶר מְקַרֵב גֶעוֶוען דִי אַלֶע פָּשׁוּטֶע מֶענְטְשְׁן, צְווִישְׁן זֵיי אויךְ "הָמָן" מִיט זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער. עֶר פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זָאגְן אַז אִין דֶער אֱמֶתְ'ן וָואלְט יֶעדֶער אֵיינֶער זִיךְ גֶעדַארְפְט בַּאשֶׁעפְטִיגְן מִיט דִי דָאזִיגֶע מִיאוּסֶע אַרְבֶּעט, פּוּנְקְט ווי מֶען דַארְף אָנְקוּמֶען צוּ דִי אַנְדֶערֶע מְלָאכוֹת, און אַ דַאנְק דֶעם וָואס עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ סְפֶּעצִיעֶלֶע מֶענְטְשְׁן וָואס בַּאשֶׁעפְטִיגְן

זיך מיט בּעזונדערע אַרבּעטן, ווי אַ שוסטער, סטאָלער, בּעקער, קעכער א.ד.ג קענען די תּלמידי חכמים זיך באַשעפטיגן מיט לערנען תּורה. קומט דאָך בּמילא אויס, אַז זיי, "המן" מיט זיינע צעהן קינדער, העלפן צו לערנען תּורה און דעריבּער דאַרף מען זיי מקרב זיין און נישט דערווייטערן.

דער פאָטער איז געווען אַ הויכער געזונטער רויטער מענטש, ווען ער פלעגט ווערן אין כּעס פלעגט אויך זיין רויטע באָרד אויסזעהן ווי עס פלאַמט פון פייער. אויך די קינדער זיינען געווען אַלע הויך געוויקסיגע מיט אַ שטאַרקן קערפּער געבּוי. דער אינגסטער, וועמען די חברים פון חדר פלעגן רופן "ויזתא" האָט אַלעמען איבּערגעשטיגן, אַפילו אויך דעם טאַטן. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיי כּמעט נישט אָנגעזעהן. דאַוונען פלעגן זיי מיטן ערשטן מנין.

איין טאָג אין יאָהר, פּורים, זיינען זיי געווען די מיוחסים פון שטעטל, זיי האָבן געהאַט בּירושה פון זייערע עלטערן פאַרצושטעלן אין אַ שפּיל די מעשה פון די מגילת אסתּר און פריילאַך צו מאַכן די גאַנצע שטעטל. משה יענקל דער שמש פלעגט

זיך אָנטהון אויפן קאָפּ דעם פּאַפּירענעם קרוין, און אָט זעהט ער אויס "פּונקט" ווי אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ וועלכער קעניגט אויף הונדערט זיבּן און צוואנציג מדינות. חַיִים הערש דער מְלַמֵד פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר מָרְדְכַי הַיְהוּדִי, ער האָט אָנגעטהון זיין קאַפּאָטע אויף די צווייטע זייט, פאַרקערט, און אויפן נאָז אָנגעטהון אַ פּאָר בּרילן, אויפן קאָפּ אַ הוט, און אָט האָט איהר אַ פאַרטיגן מָרְדְכַי הַיְהוּדִי. ווי עס איז האָט מען געפונען אַ בּחור׳ל וועלכער זאָל זיך וועלן פאַרשטעלן ווי אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, אַ הָמָן מיט צעהן קינדער זיינען געווען פאַרטיגע, און וַיְזָתָא האָט זיך אויסגעצייכנט מעהר פון אַלעמען. ער איז געווען דער פיהרער פון די גאַנצע גרופּע פאַרשטעלטע, יעדערן געלערנט וואָס צו זאָגן, און מיט זיין שטאַרקן קול האָט ער געזונגען פּורימדיגע לידער.

מִשֶׁנִכְנַס אֲדָר, ווי עס איז נאָר געוואָרן ראָש חֹדֶשׁ אֲדָר, האָט מען גענומען מאַכן די פאָרבּערייטונגען אויפן פּורים שפּיל, בּיי משה יַעֲנְקֶל שַׁמָשׁ אין שטוּב. דאָרטן האָבּן זיך צוזאַמען געקליבּן די אַלע פּורים שפּילערס, און יעדערן

אויסגעשטעלט זיין ראָלע און וואָס ער דאַרף טהון אָדער רעדן. אויף פּורים אַליין נאָך דעם לייענען די מגילה האָט מען צום לעצטן מאָל געמאַכט די פּראָבע, צו עס קלאַפּט אַלעס אין אָרדענונג. "ויזתא" האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ריזיגן הונד וואו ער האָט געשפּרונגען פון איינעם צום צווייטן דרייענדיג מיטן עק און אַיינחזרן יעדערן וואָס ער דאַרף רעדן, מיטן נגון און גראַמען.

די שפּיל קומט פאָר ביים רב אין שטוב. פּורים פאַרנאַכט ענדיגן אַלע די פּורים סעודה איידער עס ווערט נאַכט, און דערנאָך קלייבט מען זיך צוזאַמען ביים רב. די גאַנצע שטעטל פיהלט אָן די הויז פון רב און אַלע שטייען אָנגעשפּאַרט אַרום די ווענד אָפּוואַרטנדיג די שפּילערס. ווי נאָר זיי קומען אַריין, באַקומען זיי אַ גרויסן ברוך הבא און מען נעמט זיי אויף מיט גרויס כבוד. ווי פון אונטער די פיס קומט צו קריכן דער גרויסער הונד און בילט, דאַן שטעלט ער זיך אויף צוויי פיס און הויבט אָן צו בענטשן דעם רב מיט אַלע אַנוועזנדע און מיט דעם הויבט זיך אָן די פּורים שפּיל.

עס באַטייליגן זיך דערביי אחשורוש — משה

יַעֲנְקְל מִיטְן גָאלְדֶענֶעם פַּאפִּירֶענֶעם שְׁוֶוערְד, הָמָן מִיט זַיין רִיזִיגְן לַאנְגְן מִיט זִילְבֶּער פַּאפִּיר בַּאדֶעקְטֶער שְׁוֶוערְד, און זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער מִיט די לַאנְגֶע אַייזֶערְנֶע שְׁפִּיזְן וֶועלְכֶע בְּלַאשְׁקֶען מִיט זֵייעֶר וַוייסְקַייט. גְרוֹיס אִיז די שִׂמְחָה דַאן וֶוען מֶען פִירְט צוּ די תְּלִיָה הָמָן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער, דַאן שְׁטֶעלְן זִיךְ אַלֶע אוֹיף די פִּיס און מֶען זִינְגְט אוֹיס אַ פְרֵיילַאכְן ״שׁוֹשַׁנַת יַעֲקֹב״, דֶערְנָאךְ זֶעצְן זִיךְ אַלֶע צוּם טִישׁ און דֶער רָב אִיז אַלֶעמֶען מְכַבֵּד מִיט וַויין און דֶערְבַּיי זָאגְט עֶר הַארְצִיגֶע שֵׁיינֶע תּוֹרוֹת. בַּיים סוֹף שְׁטֶעלְט זִיךְ ״הָמָן״ אוֹיף און שְׁרַייט אוֹיס די בְּרָכָה:

— לֶעבְּן זָאל אוּנְזֶער טַייעֶרֶער רָב אוֹיף אֵייבִּיג!

און אַלֶע שְׁרַייעֶן נָאךְ: לֶעבְּן! לֶעבְּן!

הָאט אָבֶער פַּאסִירְט אֵיינְמָאל אַ פּוּרִים וָואס ״הָמָן״ מִיט זַיינֶע קִינְדֶער הָאבְּן זִיךְ קוֹנֶה עוֹלָם גֶעוֶוען. דָאס אִיז גֶעוֶוען אִין די צַייטְן וָואס עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן די פָּאגְרָאמֶען, דִי הֶעצֶעס קֶעגְן די אִידְן זַיינֶען גֶעוָוארְן שְׁטַארְקֶער און

שאַרפֿער, און פֿון די רעגירונגס קרייזן האָט מען אָנגעוויזן אַז זיי זײַנען צופֿרידן מיט די באַפֿאַלן און פּאָגראָמען. יענעם יאָהר איז אויסגעקומען פּורים דינסטאָג וואָס איז אויך אויסגעפֿאַלן דער מאַרק טאָג. פֿון אַלע אַרומיגע שטעטלאַך און דערפֿער זײַנען אָנגעקומען די פּויערן מיט זייערע וועגענער זייער אָנגערייצטע. דער ריח פֿון אַ פּאָגראָם האָט זיך געשפּירט אין שטעטל. מען האָט גיך אָפּגעלייענט די מגילה און געשטאַנען אין די קראָמען מיט פֿאַרהאַקטע לאָדנס. מען האָט געוואַרט אויפֿן ענדיגן פֿון דעם גלח׳ס דרשה אין קלויסטער. בײַ משה יענקל אין הויז האָט מען דערווײַל געמאַכט די לעצטע פּראָווע פֿון דעם פּורים שפּיל. המן איז געשטאַנען אין דערמיט אָנגעטהון אין זײַנע בגדי מלוכה, זײַן רידיגע שווערד אָנגעטהון אויף זײַנע לענדן און אַלע קינדער אַרום איהם שאַלן און שרייען:

— לעבן זאָל המן דער זוהן פֿון המדתא, אַ משנה פֿון קיסר אחשורוש!

מיט אַמאָל הערט זיך אַ קנאַקערײַ פֿון

אויסְגֶעזֶעצְטֶע שׂויבְּן. מֹשֶׁע יַעֲנְקֶל׳ס פְּרוֹי, וֶועלְכֶע הָאט פַּארְקוֹיפְט אִין דֶעם מַארְק טָאג קִיכְל און פַּארְשִׁידֶענֶע גֶעבֶּעקְסְן איז אַרֵיינְגֶעלָאפְן אִין שְׁטוּב. זי הָאט אִינְגַאנְצְן גֶעצִיטֶערְט, דֶער לָשׁוֹן איז בַּיי אִיהר ווִי אָפְּגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן, און זי הָאט קוים אַרוֹיסְגֶעשְׁטַאמְלְט:

— מֹשֶׁה יַעֲנְקֶל, מֶען הַרְגֶעט, מֶען רוֹיבְּט!...

און זי איז אַנִידֶערְגֶעפַאלְן אַ גֶעחַלְשְׁטֶע. אִין דְרוֹיסְן הָאט זיך שׁוֹין גֶעהֶערְט די קוֹלוֹת מִיט די ווילְדֶע גֶעשְׁרֵייעֶן פון די פּוֹיעֶרְן וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶענוּמֶען פַּאגְרָאמִירְן, בְּרֶעכְן קְרָאמֶען און אַלֶעס וָואס קוּמְט אָן אִין זֵייעֶרֶע הֶענְד.

*

אַלֶע הָאבְּן זיך פַּארְלוֹירְן נָאר ״וַיְזָתָא״ נִישְׁט. עֶר הָאט אַ זָאג גֶעטְהוּן צוּ דֶעם טַאטְן:

— לָאמִיר זֵיי ״מְקַבֵּל פָּנִים״ זַיין און דֶער אויבֶּערְשְׁטֶער וֶועט זַיין מִיט אוּנְז.

— קִינְדֶער! אַלֶע קוּמְט נָאךְ מִיר, לָאמִיר זֵיי

אָנְלֶערְנֶען — הָאט ״וַיְזָתָא״ אוֹיסְגֶערוּפְן.

הָמָן מִיט זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער אוּן ״וַיְזָתָא״ אִין שְׁפִּיץ הָאבְּן זִיךְ אַ לָאז גֶעטְהוּן צוּם מַארְק פְּלַאץ ווילְד אוּן צוּקָאכְט. דֶער עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען דֶער גְרוֹיסֶער פַארְשְׁטֶעלְטֶער הוּנְד, ״וַיְזָתָא״, טַאנְצְנְדִיג אוֹיף צְוֵויי פִּיס מִיט מְאוּיָמְדִיגֶע מְשׁוּנָה׳דִיגֶע קוֹלוֹת אוּן אִין הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטְן זַיין לַאנְגְן שְׁפִּיז. נָאךְ אִיהם אִיז גֶעלָאפְן ״הָמָן״, וֶועמֶענְס גֶעזִיכְט אִיז גֶעוֶוען רוֹיט ווִי אַ פַּייעֶר, אוֹיפְן קָאפּ אַ גְרוֹיסֶער קְרוֹין, אוּן אִין הַאנְד אַ רִיזִיגֶער בְּלַאנְקֶער שְׁוֶוערְד, נַאכֶער זַיינֶען גֶעלָאפְן דִי אִיבְּרִיגֶע קִינְדֶער מִיט דִי גְלַאנְצֶעדִיגֶע שְׁפִּיזְן אִין דִי הֶענְד.

דֶער פְּלוּצְלוּנְגְדִיגֶער אָנְלוֹיפְן, דִי מְשׁוּנָה׳דִיגֶע אוֹיסְזִיכְטְן, מִיט דִי מְאוּיָמְדִיגֶע קוֹלוֹת וָואס הָמָן מִיט זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער הָאבְּן גֶעמַאכְט, הָאט אָנְגֶעוָוארְפְן אַ מוֹרָאדִיגֶער שְׁרֶעק אוֹיף דִי פּוֹיעֶרְן אוּן זֵיי הָאבְּן גֶענוּמֶען אַנְטְלוֹיפְן וואוּ דִי אוֹיגְן הָאבְּן זֵיי גֶעטְרָאגְן, אוּן הָמָן מִיט זַיינֶע קִינְדֶער לוֹיפְן ווִי צוּרֵייצְטֶע וֶועלְף אוּן קְלַאפְּן אוֹיף רֶעכְטְס אוּן אוֹיף לִינְקְס דִי צוּשְׁרָאקֶענֶע פּוֹיעֶרְן. בִּיז אַ

קוּרְצֶע צַייט אִיז נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן אוֹיפְן מַארְק פְּלַאץ קֵיין אֵיינְצִיגֶע בַּאשֶׁעפֶענִישׁ, אַלֶע פוֹיעֶרְן הָאבְּן אַרוֹיפְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיף דִי וֶועגֶענֶער אוּן קוֹים לֶעבֶּעדִיג אַנְטְלָאפְן.

אַזוֹי אַרוּם אִיז דָאס שְׁטֶעטְל אָפְּגֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן אוּן אַלֶע הָאבְּן פְרַייַ אָפְּגֶעאָטֶעמְט.

פַארְנַאכְט וֶוען דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבְּן בַּיים רָב אִין שְׁטוּבּ צוּם פּוּרִים שְׁפִּיל, ווִי נָאר עֶס הָאבְּן עֶרְשַׁיינְט "הָמָן" מִיט זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער, הָאבְּן אַלֶע אָנְוֶועזְנְדֶע זֵיי אוֹיפְגֶענוּמֶען מִיט גְרוֹיס פְרֵייד. דֶער רָב הָאט זֵיי גֶעהַאלְזְט אוּן גֶעקוּשְׁט מִיט גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט אוּן דֶערְנָאךְ זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּם עוֹלָם זָאגְנְדִיג:

— אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעזָאגְט אַז אִין זֵייעֶר זְכוּת לֶעבְּן מִיר, אָט הָאבְּן אַלֶע גֶעזֶעהן מִיט דִי אוֹיגְן ווִי נָאר צוּלִיבּ דֶעם טַאטְן מִיט דִי קִינְדֶער זַיינֶען אַלֶע גֶערַאטֶעוֶועט גֶעוָוארְן פוּן אַ פָּאגְרָאם.

אִין זְכוּת פוּן "הָמָן" מִיט זַיינֶע צֶעהן קִינְדֶער אִיז דֶער פּוּרִים נִישְׁט צוּשְׁטֶערְט גֶעוָוארְן.

זֶעקְסְטֶער קַאפִּיטְל: **יְמֵי מִשְׁתֶּה וְשִׂמְחָה**

אַ סְעוּדָה פוּן צְוֶועלְף שָׁעָה

מֶען טָאר נִישְׁט דוּחֵק זַיין דִי שָׁעָה

גֶעבְּן זָאל אַ צְוֵוייטֶער

דְרַיי מָאל גֶעלַאכְט



דער קבר פון מרדכי און אסתר אין שושן הבירה

# אַ סְעוּדָה פוּן צְוֶועלְף שָׁעָה

דִי דָאזִיגֶע עֶרְצֵיילוּנְג שְׁרַייבְּט רַבִּי שְׁלֹמֹה זַלְמָן הָאוּוְלִין ז״ל אִין אַ בְּרִיוו צוּ זַיינֶעם אַ פְרַיינְד, ווִי אַזוֹי עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהְן דִי לֶעצְטֶע פּוּרִים סְעוּדָה בַּיים לִיוּבַּאוִויטְשֶׁער רֶבִּי הַגָּאוֹן הַצַּדִיק רַבִּי שָׁלוֹם בֶּער זצ״ל, וֶועלְכֶער וֶוערְט גֶערוּפְן דֶער רש״ב.

אָנְפַאנְג חוֹדֶשׁ טֵבֵת, שְׁנַת תר״פ, הָאבְּן זִיךְ דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ דֶערְנֶעהֶנְטֶערְן קֵיין רָאסְטָאוו. אִין דֶעם רֶבִּינְ'ס הוֹיז הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבְּן קְלֶעהְרְן אִין גַאנְצְן אַרוֹיסְפָאהְרְן פוּן דַאנֶען. אָבֶּער אֵיידֶער וָואס וֶוען, זַיינֶען שׁוֹין דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס גֶעוֶוען אִין שְׁטָאט אוּן וֶועגְן אַוֶועקְפָאהְרְן הָאט שׁוֹין מֶעהר קֵיין רֵייד נִישְׁט גֶעקֶענְט זַיין.

אֵיינְמָאל הָאט עֶר מִיר אַרַיינְגֶערוּפְן אִין זַיין צִימֶער אוּן מִיר אָנְגֶעזָאגְט, אִיךְ זָאל בֶּעטְן אַלֶע

אונזערע מענטשן, דאס קיינער זאל צו איהם מעהר נישט קומען, נישט צום דאווענען און אויך נישט צו הערן תורה, און אפילו נישט אויף "יחידות". ער וויל נישט אז די באלשעוויקעס זאלן אויף איהם האבן עפעס א פערדאכט.

איך האב דאס אלעמען איבערגעגעבן און דורך די גאנצע צייט האט זיך כמעט קיינער פאר איהם נישט געוויזן, סיידן עס איז געווען א זייער וויכטיגע זאך. עס זיינען דאמאלס אין ראסטאוו געווען א היבש ביסל רייכע אידן, וואס זיינען געקומען איהם זעהן. אבער יעדערער האט געמוזט זיצן ביי זיך באזונדער און איהם נישט געקענט זעהן.

דאס האט אזוי אנגעהאלטן ביז פורים.

צו דער סעודה זיינען מיר זיך אלע צוזאמענגעקומען ביי איהם אין הויז און דארטן האבן מיר געהערט, דאס ער וועט נישט זיצן היינט מיטן עולם א לייגגערע צייט, נאר זאגן אביסל תורה און דערנאך זאל זיך יעדער גיין צוריק אהיים, ווייל עס איז דאמאלס געווען א זייער

שְׁטְרֵיינְגֶער פַּארְבָּאט פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג, אַז מֶען זָאל זִיךְ אִין עֶרְגֶעץ נִישְׁט צוּזַאמֶענְקוּמֶען.

וֶועגְן בְּרָאנְפְּן טְרִינְקֶען, אִיז דֶער פַּארְבָּאט גֶעוֶוען נָאךְ אַ סַאךְ שְׁטְרֵיינְגֶער. עֶס זַיינֶען דָאךְ אוֹיךְ גֶעוֶוען — וִוי שׁוֹין דֶערְמַאנְט — אַ הִיבְּשׁ בִּיסְל רַייכֶע אִידְן, וָואס דָאס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער חֵטְא גֶעגְן דֶער רֶעגִירוּנְג...

אוֹיסֶער דֶעם הָאט מֶען נָאךְ נַיין אַ זֵייגֶער שׁוֹין מֶעהר — אוּנְטֶער דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטְרָאפְן — נִישְׁט גֶעטָארְט גֵיין אִין גַאס. פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן הָאבְּן מִיר אַלֶע אוֹיף דֶעם נִישְׁט גֶעקוּקְט, נָאר אִין דֶער גְרֶעסְטֶער שְׁטִילְקַייט זִיךְ פֶערְזַאמְלְט בַּיי אִיהם אִין הוֹיז, אַבִּי צוּ הָאבְּן דִי זְכִיָה מִיט אִיהם צוּ זַיין צוּזַאמֶען כָאטְשׁ אַ קוּרְצֶע וַוייל͏ֶע, אוּן פוּן זַיין מוֹיל צוּ הֶערְן גֶ־טְלִיכֶע וֶוערְטֶער. מִיר הָאבְּן גֶערֶעכְנְט, בַּאלְד נָאךְ דֶער סְעוּדָה, צוּרִיק אַהֵיים צוּ גֵיין, יֶעדֶער אִין זַיין אַכְסַנְיָא.

אָבֶּער אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה נָאכְן וַואשְׁן זִיךְ צוּ דֶער סְעוּדָה אוּן וֶוען רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ הָאט גֶענוּמֶען אַבִּיסְל בְּרָאנְפְּן אוּן דֶעם עוֹלָם אָנְגֶעוואוּנְטְשְׁן

לְחַיִים, הָאבְּן מִיר בַּאלְד אִין אִיהם דֶערְקֶענְט אַ גְרוֹיסֶע פַּארְעֶנְדֶערוּנְג, גְלַייךְ וִוי עֶס וָואלְט אִיבֶּער אִיהם גֶעוֶוען גֶעקוּמֶען אַ אַנְדֶער גַייסְט...

עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ הִיבְּשׁ בִּיסְל גֶעלְד פוּן קֶעשֶׁענֶע אוּן עֶס גֶעגֶעבְּן אֵיינֶעם פוּן אוּנְזֶערֶע מֶענְטְשְׁן, עֶר זָאל בְּרֵיינְגֶען אַ סַאךְ בְּרָאנְפְּן אוּן דֶער עוֹלָם זָאל טְרִינְקֶען אוּן לוּסְטִיג זַיין.

עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעהֵייסְן זִינְגֶען — אוֹיפְן הוֹיכְן קוֹל — זְמִירוֹת, שִׁירוֹת וְתִשְׁבָּחוֹת אוּן עֶר אַלֵיין הָאט אוֹיךְ מִיטְגֶעזוּנְגֶען.

דִי קוֹלוֹת זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען וָואס אַמָאל הֶעכֶער אוּן הֶעכֶער, בַּאזוּנְדֶער וֶוען זַיין וואוֹינוּנְג אִיז גֶעוֶוען אוֹיף אַ אָנְגֶעזֶעהֶענֶעם אָרְט אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט. מִיר זַיינֶען גָאר שְׁטַארְק נִתְפָּעֵל גֶעוָוארְן פוּן דֶעם אַלֶעמֶען אוּן מִיר הָאבְּן שׁוֹין נִישְׁט גֶעקוּקְט אוֹיף קֵיין שׁוּם גֶעפַאהר אוּן אוּנְזֶערֶע גֶעזַאנְגֶען זַיינֶען גֶעוָוארְן הֶעכֶער אוּן שְׁטַארְקֶער.

עֶר אַלֵיין הָאט אוֹיךְ אַכְטוּנְג גֶעגֶעבְּן, אַז יֶעדֶער פוּן אוּנְז זָאל טְרִינְקֶען בְּרָאנְפְּן אוּן

מִיטְהַאלְטְן מִיטְן זִינְגְען!... מִיר זַיינֶען אַלֶע גֶעוֶוען שְׁטַארְק לוּסְטִיג און לֶעבֶּעדִיג.

דִי רֶעבֶּעצְן, וֶועלְכֶע הָאט דָאס אַלֶעס צוּגֶעזֶעהן, הָאט אוּנְז גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין בֶּעטְן, דָאס מִיר זָאלְן זַיין אַבִּיסְל שְׁטִילֶער און נִישְׁט זִינְגֶען אוֹיפְן הוֹיכְן קוֹל. זִי הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעשְׁרָאקְן פַאר דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס. דָאס הָאט אָבֶּער גָאר וֵוייניג גֶעהָאלְפְן, וַוייל קֵיינֶער פוּן אוּנְז הָאט נִישְׁט גֶעוַואגְט צוּ גֵיין גֶעגְן דֶעם רָצוֹן פוּן אוּנְזֶער רֶבִּי'ן...

אוֹיךְ זַיין אֵיינְצִיגֶער זוּהן (דֶער שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶער לִיוּבַּאוִויטְשֶׁער רֶבִּי רַבִּי יוֹסֵף יִצְחָק זצ"ל) הָאט זִיךְ גֶעשְׁרָאקְן. עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט, אַז עֶס זָאל דֶערְפוּן נִישְׁט עֶפֶּעס אַרוֹיסְקוּמֶען קֵיין עַגְמַת נֶפֶשׁ פַאךְן פָּאטֶער.

וֶוען דֶער רֶבִּי הָאט גֶעזֶעהן, אַז זַיין זוּהן הָאט דֶערְפוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ, הָאט עֶר אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בַּיי בֵּיידֶע הֶענְד און צוּ אִיהם גֶעזָאגְט, בָּזֶה הַלָּשׁוֹן:

— יוֹסֵף יִצְחָק! הָאב קֵיין מוֹרָא נִישְׁט! מִיר וֶועלְן זַיין גַאנְץ! אִיךְ מֵיין נִישְׁט גַאנְץ בְּחַדְרֵי

חֲדָרִים, אִיךְ מֵיין, אַז מִיר וֶועלְן גַאנְץ זַיין מִיט אוּנְזֶערֶע גַאנְצֶע יְצִיאָה וְהִתְפַּשְׁטוּת! — דָאס זַיינֶען גֶעוֶוען זַיינֶע אֵייגֶענֶע וֶוערְטֶער.

זַיין הֵיילִיג פָּנִים אִיז דַאמָאלְס גֶעוֶוען אִינְגַאנְצְן פַארְעֶנְדֶערְט און עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן דִבְרֵי תּוֹרָה, טִיף, גָאר טִיף.

דֶערְוַוייל הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ גְרוֹיסֶער טוּמְל אִין הוֹיז. מֶען אִיז גֶעוָואר גֶעוָוארְן אַז הַיינְטִיגֶע נַאכְט וֶועלְן דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס דָא מַאכְן אַ הוֹיז אוּנְטֶערְזוּכוּנְג. מִיר הָאבְּן זִיךְ אַלֶע זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקְן און נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס מִיר זָאלְן אִיצְטֶער טְהוּן. אָבֶער רַבֵּינוּ הַקָדוֹשׁ הָאט נִישְׁט גֶעלָאזְט אוּנְטֶערְבְּרֶעכְן אֲפִילוּ אוֹיף אֵיין אֵיינְצִיגֶע מִינוּט דִי שִׂמְחַת פּוּרִים און נִישְׁט דֶערְלָאזְט, דָאס מִיר זָאלְן מֶעהר נִישְׁט זִינְגֶען און פְרֵיילִיךְ זַיין.

מִיר הָאבְּן אִיצְט בְּחוּשׁ גֶעזֶעהן, אַז דָאס אִיז נִישְׁט קֵיין פָּשׁוּטֶע זַאךְ. אַזֶעלְכֶעס אִיז בַּיי אִיהם נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט פָּארְגֶעקוּמֶען. מִיר הָאבְּן דַאמָאלְס גֶעזֶעהן אַזֶעלְכֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאכְן, ווִי נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט פְרִיעֶר.

פְּלוּצִים, וִוי מִיר זַיינֶען אַזוֹי גֶעזֶעסְן, גֶעזוּנְגֶען און גֶעהַאלְטְן אִין אֵיין טְרִינְקֶען, הָאט זִיךְ דֶערְהֶערְט, אַז דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס זַיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען, כְּדֵי דָא צוּ מַאכְן אַ שְׁטְרֵיינְגֶע אוּנְטֶערְזוּכוּנְג.

עֶס אִיז זֶעלְבְּסְט פַארְשְׁטֶענְדְלִיךְ, דָאס מִיר זַיינֶען אַלֶע זֵייעֶר שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקְן גֶעוָוארְן און נִישְׁט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ וִויסְן וָואס צוּ טְהוּן.

אָבֶּער עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ אֲפִילוּ נִישְׁט גֶערִיהְרְט פוּן זַיין אָרְט און אוּנְז אוֹיךְ נִישְׁט גֶעהֵייסְן זִיךְ רִיהְרְן, נָאר וַוייטֶער אָנְגֵיין מִיט אוּנְזֶער זִינְגֶען און טְרִינְקֶען. קֵיין אֵיין מִינוּט אֲפִילוּ נִישְׁט אוּנְטֶערְבְּרֶעכְן.

אַז דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס זַיינֶען שׁוֹין גֶעוֶוען אִינְוֵוייניג אִין דֶעם הוֹיז, הָאט עֶר זֵיי גֶעהֵייסְן זָאגְן, אַז עֶר הָאט אִיצְט פַאר זֵייעֶרְט וֶועגְן גָאר קֵיין צֵייט נִישְׁט, וַוייל עֶר אִיז פַארְנוּמֶען מִיט זַיינֶע מֶענְטְשֶׁן. דֶערְפַאר, זָאלְן זֵיי קוּמֶען אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם.

דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס הָאבְּן גֶעוָואלְט וִויסְן, וֶוען

זיי זאָלן דא אהער קומען נאָך אַמאָל, און ער האָט זיי געהייסן זאָגן, אַז אין אַ דריי פיהר שטונדן אַרום, דאַמאָלס וועט ער שוין זיין פריי מיט זיי צו ריידן.

זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען און זיינען טאַקע נאָכאַמאָל געקומען. זיי האָבן אונז נאָך אַלץ אָנגעטראָפן לעבעדיג און לוסטיג און טאַקע אַ היבש ביסל אָנגעטרונקען פון די פיהל בראָנפן.

אויפן טיש זיינען געווען אָנגעשטעלט גאָר אַ סאַך פלעשער מיט משקה און עס האָט זיך דאָרטן אויך געפונען זייער פיהל געלד וואָס די רייכע אידן האָבן דאַמאָלס געגעבן אויפן רבינס ישיבות "תומכי תמימים".

אַז די באָלשעוויקעס זיינען דאָ שוין געווען צום צווייטן מאָל, האָט דער עולם דווקא געוואָלט אַלעס אַראָבנעמען פון טיש, ווייל געלד און משקה זיינען דאָ פון די גאָר שטרענגע פאַרבאָטענע זאַכן. אָבער דער רבי האָט געהייסן גאָר נישט ריהרן און אַלעס לאָזן אויפן טיש ווי פריער.

עֶר הָאט דַאמָאלְס גֶעזָאגְט בָּזֶה הַלָשׁוֹן:

— ווי אִיךְ שְׁטֵיי אִיצְט אִין דֶעם מַצָב —
הָאבּ אִיךְ כְּלַל פַּאר זֵיי קֵיין מוֹרָא נִישְׁט!

אַז דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס זַיינֶען אַלֶע אַרַיין, בַּאוָואפְנְט מִיט שְׁוֶוערְדְן אוּן בִּיקְסְן, הָאבְּן זֵיי בַּאלְד אַרוּמְגֶערִינְגְלְט זַיין טִישׁ, וואוּ עֶר אִיז גֶעזֶעסְן. עֶר הָאט אַ זָאג גֶעטְהוּן צוּ זַיינֶע מֶענְטְשְׁן:

— נוּ מֶען דַארְף אָנְהוֹיבְּן צוּ רֶעדְן חֲסִידוּת
— וֶועלְן זֵיי גָאר בָּטֵל וֶוערְן!

עֶר הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ רֶעדְן אוּן גֶעזָאגְט אַ טִיפֶע תּוֹרָה אוֹיפְן פָּסוּק "רֵאשִׁית גוֹיִם עֲמָלֵק וְאַחֲרִיתוֹ עֲדֵי אוֹבֵד". דֶער דְרוּשׁ הָאט אָנְגֶעהַאלְטְן אַ עֶרֶךְ פוּן אַנְדֶערְהַאלְבְּן שָׁעָה.

דוּרְךְ דֶער גַאנְצֶער צַייט זַיינֶען אַלֶע בַּאלְשֶׁעוִויקֶעס גֶעשְׁטַאנֶען אַרוּם אִיהם אוּן הָאבְּן פוּן אִיהם קֵיין אוֹיג נִישְׁט אַרוּנְטֶערְגֶעלָאזְט. זֵיי הָאבְּן אִיהם נִישְׁט אוּנְטֶערְגֶעבְּרָאכְן אוּן גָארְנִישְׁט גֶעזָאגְט.

אַז עֶר אִיז פַּארְטִיג גֶעוָוארְן מִיטְן זָאגְן תּוֹרָה, זַיינֶען דִי בָּאלְשֶׁעוִויקֶעס אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּן קֵיין אֵיין וָוארְט צוּ קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעזָאגְט, אָדֶער וֶועמֶען עֶס אִיז עֶפֶּעס שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן.

מִיר זַיינֶען בַּיי אִיהם גֶעזֶעסְן נָאךְ אַ קוּרְצֶע ווַיילֶע אוּן דַאן זַיינֶען מִיר זִיךְ אַלֶע צוּגַאנְגֶען.

דִי דָאזִיגֶע פּוּרִים סְעוּדָה הָאט אָנְגֶעהַאלְטְן גַאנְצֶע צְוֶועלְף שָׁעָה, אָן וֶועלְכְן עֶס אִיז אוֹיפְהֶער.

דָאס אִיז גֶעוֶוען דָאס לֶעצְטֶע מָאל, וָואס מִיר הָאבְן גֶעהַאט דִי זְכִיָה פוּן אִיהם צוּ הֶערְן דִבְרֵי אֱלֹקִים חַיִים. וָוארוּם מִיט צְוֵויי וָואכְן שְׁפֶּעטֶער אִיז עֶר שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט גֶעוֶוען צְווִישְׁן דִי לֶעבֶּעדִיגֶע. עֶר הָאט זַיין נְשָׁמָה אַוֶועקְגֶעטְרָאגְן אִין דִי הֶעכֶערֶע וֶועלְטְן אוּן מִיר אַלֶע זַיינֶען גֶעבְּלִיבְן ווִי יְתוֹמִים...

זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ.

# מֶען טָאר נִישְׁט דוֹחֵק זַיין דִי שָׁעָה

רַבִּי אַייזיקֶל טַאטִיעֶוער איז גֶעוֶוען אִין דֶעם טְשָׁארְטְקָאוֶוער הוֹיף אַ גָאר הֵיימִישֶׁער, אֵיינֶער פוּן דִי בֶּעלִיבְּטֶע חֲסִידִים, פוּן וֶועלְכֶע דֶער רֶבִּי גוּפָא הָאט גֶעהַאט זֵייעֶר אַ גוּטֶע מֵיינוּנְג.

וויבַּאלְד רַבִּי אַייזִיקֶל פְלֶעגְט קוּמֶען קֵיין טְשָׁארְטְקָאוו, אִיז אִין הוֹיף גֶעוָוארְן לֶעבֶּעדִיג און פְרֵיילַאךְ. אוּמֶעטוּם אִיז עֶר גֶעוֶוען פוּל, בֶּעזוּנְדֶערְס אִין דִי חֲסִידִישֶׁע קְלוֹיזְלַאךְ. עֶר הָאט יֶעדְן אֵיינֶעם מְשַׂמֵחַ גֶעוֶוען מִיט זַיינֶע חָכְמָה׳לַאךְ און חֲסִידִישֶׁע מַעֲשֶׂה׳לַאךְ. דִי חֶבְרָה ״יוֹשְׁבִים״ פְלֶעגְן זִיךְ דַאן רַייבְּן דִי הֶענְד פַאר גְרוֹיס שִׂמְחָה. זֵיי הָאבְּן גוּט גֶעוואוּסְט, אַז עֶס וֶועט שׁוֹין זִיכֶער נִישְׁט אוֹיסְפֶעלְן אַ בִּיסֶעלֶע מַשְׁקֶה, עֶס וֶועט שׁוֹין זַיין ״אָגִיל וְאֶשְׂמַח״, קַיילַאכְדִיג און פְרֵיילַאךְ. בַּאלְד וֶועט זִיךְ אָנְהוֹיבְּן דִי לַאנְגֶע, גְרוֹיסֶע ״זִיצְן״

אִין דִי חֲסִידִישֶׁע קְרַייזְן אוּן "יַיִן נִשְׁפָּךְ כַּמַּיִם", וַויין וֶועט זִיךְ גִיסְן פָּשׁוּט וִוי וַואסֶער.

וַוייל רַבִּי אַייזִיקְל מִיט זַיינֶע בֶּע'טַעֲמְ'טֶע חָכְמָה'לַאךְ אוּן פֶּערְלְדִיגֶע סִפּוּרֵי־מַעֲשִׂיוֹת פוּן דִי צַדִּיקֵי הַדּוֹר וִוי אוֹיךְ פוּן דִי פְרִיעֶרְדִיגֶע צַדִּיקִים, נוֹחֵי עֵדֶן, פְלֶעגְט צוּ זִיךְ צוּצִיהֶען אַלֶע בַּעֲלֵי יְכוֹלֶת'דִיגֶע חֲסִידִים וִוי אַ מַאגְנֶעט. קוֹים הָאט עֶר אוֹיפְגֶעמַאכְט דָאס מוֹיל צוּ רֶעדְן, הָאט עֶר וִוי פַאר'כִשׁוּפ'ט דִי גַאנְצֶע סְבִיבָה אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארְן "אֵין כֶּסֶף נֶחֱשָׁב" — גֶעלְד הָאט מֶער קֵיין רָאלֶע נִישְׁט גֶעשְׁפִּילְט. מֶען הָאט דַאן זִיךְ גֶעבֶּעטְן צוּ גֶעבְן מַשְׁקֶה, אַבִּי צוּ זַיין צוּזַאמֶען מִיט רַבִּי אַייזִיק'לֶען אוּן זִיךְ צוּהֶערְן צוּ זַיינֶע זִיסֶע סִפּוּרִים אוּן דִבּוּרִים.

רַבִּי אַייזִיק'ל אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען דֶער אֵיינְצִיגֶער וָואס אִיז גֶעוֶוען בְּכֹחַ אַרוֹיסְצוּצִיהֶען אַ שְׁמֵייכְל פוּן דֶעם צַדִּיק'ס לִיפְּן אוּן דוּרְךְ דֶעם אַבִּיסְל אוֹיפְהֵייטֶערְן זַיין שְׁטֶענְדִיגֶע עֶרְנְסְטֶע צוּרָה. עֶר הָאט גֶעהַאט עֶפֶּעס אַ בַּאזוּנְדֶערֶע פְּרִיווִילֶעגְיֶע זִיךְ צוּ מַאכְן הַלָצָה'לֶעךְ אִין דֶעם גֶעגְנְוַוארְט פוּן דֶעם צַדִּיק. אַ זַאךְ, וָואס קֵיין שׁוּם חָסִיד וָואלְט עֶס נִישְׁט

גֶעוואַגְט צוּ טְהוּן.

בֶּעזוּנְדֶערְס אוּם פּוּרִים, פְּלֶעגְט רַבִּי אַייזִיקְל מַמָּשׁ קֶעהרְן וֶועלְטְן, אַלְס אַ פַאַרְשְׁטֶעלְטֶער. עֶר פְּלֶעגְט טַאנְצְן אוֹיפְן טִישׁ, שְׁפְּרִינְגֶען וִוי אַ קַאצַאפּ, מַאכְן "קָאזְשֶׁעלְקֶעס" אוּן בֶּעוַוייזְן פַאַרְשִׁידֶענֶע קוּנְץ שְׁטִיקֶער, כְּדֵי מְשַׂמֵּחַ צוּ זַיין דֶעם שְׁטֶענְדִיג מָלֵא יִרְאָה'דִיגְן צַדִּיק, מַאכְן אִיהם לַאכְנְדִיג לְכָבוֹד פּוּרִים.

אָט אַזַא מִין חָסִיד אִיז דָאס גֶעוֶועןן אוּנְזֶער רַבִּי אַייזִיקְל.

ווייל אָבֶער דִי הַשְׁגָּחָה עֶלְיוֹנָה, אַז דַוְקָא דֶער דָאזִיגֶער תָּמִיד מָלֵא שִׂמְחָה'דִיגֶער רַבִּי אַייזִיק'ל חָסִיד, דַוְקָא דֶער לִיבְּלִינְג פוּן דֶעם צַדִּיק אוּן פוּן אַלֶע זַיינֶע חֲסִידִים, זָאל זַיין אַ "חֲשׂוּךְ בָּנִים", נִישְׁט הָאבְּנְדִיג קֵיין קִינְדֶער. אָבֶער וִוי אַ אֶמֶתֶער חָסִיד וָואס הָאט דִי רִיכְטִיגֶע אֱמוּנָה אִין דֶעם צַדִּיק, וֵוייסְט אַז עֶר אִיז אַ "צוֹפֶה נִסְתָּרוֹת" וָואס וֵוייסְט אַלֵיין דִי בַּקָשׁוֹת פוּן זַיינֶע נָאהנְטֶע אֵיידֶער זֵיי פַּארְלַאנְגֶען נָאךְ עֶפֶּעס פוּן אִיהם, הָאט רַבִּי אַייזִיקְל קֵיינְמָאל נִישְׁט דֶערְקוּטְשֶׁעט דֶעם רֶבִּין

מִכֹּחַ אַ בְּרָכָה פון קינדער. ער פְלֶעגט נָאר אָנְשְׁרַייבְּן אִין קְוויטְל, ווי דֶער סֵדֶר אִיז "לִישׁוּעָה בִּפְקִידַת זֶרַע שֶׁל קַיָּמָא" (גֶעהָאלְפְן צוּ וֶוערְן מִיט קִינְדֶער צוּם לֶעבְן) אוּן מִיט דֶעם הָאט זִיךְ עֶס גֶעעֶנְדִיגְט. עֶר הָאט זִיךְ צוּפְרִידְן גֶעשְׁטֶעלְט מִיטְן צַדִיק׳ס בְּלוֹיזֶע אָנְווִינְטְשׁוּנְגֶען, כָאטְשׁ אָן אַ זִיכֶערְן צוּזָאג. עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז מֶען טָאר נִישְׁט זַיין אַ "דוֹחֵק אֶת הַשָּׁעָה", צוּדְרִינְגְלִיךְ אוֹיפְן צַדִיק צוּ בְּרֵיינְגֶען דִי יְשׁוּעָה מִיט כֹּחַ אוּן גֶעוַואלְד פַּאר דֶער צַייט.

אָבֶער ווי זָאגְט עֶפֶּעס דָוִד הַמֶּלֶךְ אִין תְּהִילִים? "לְכָל תִּכְלָה רָאִיתִי קֵץ", יֶעדֶער זַאךְ הָאט זִיךְ זַיין גְרֶענִיץ. נָאךְ אַ צַייט פוּן אַ הִיבְּשׁ עֶטְלִיכֶע יָאהְרְן, הָאט פְּלוּצִים גֶעפְּלַאצְט רַבִּי אַייזִיק׳לְס גֶעדוּלְד. אוֹיבּ דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶערְפַאר וָואס זַיין וַוייבּ הָאט אִיהם כְּסֵדֶר דֶערְקוּטְשֶׁעט פַּארְוָואס עֶר לָאזְט דֶעם רֶבִּין צוּרוּה, אָדֶער וַוייל עֶר אִיז שׁוֹין אַלֵיין מִיד גֶעוָוארְן וַוארְטְנְדִיג, אִיז דָא נִישְׁט וִויכְטִיג, גֶענוּג אִיז דֶער פַאקְט, אַז רַבִּי אַייזִיקְל הָאט בַּיי זִיךְ פֶּעסְט אָפְּגֶעמַאכְט עֶפֶּעס צוּ טְהוּן, מֶער זִיךְ נִישְׁט לָאזְן פוּן דֶעם רֶבִּין מַדְחֶה זַיין מִיט אַ בְּלוֹיזֶע בְּרָכָה אָן אַ

זִיכֶערֶע הַבְטָחָה.

און גֶעוואוּסְט הָאט רַבִּי אַייזִיקְל אַז בַּיי דֶער פּוּרִים סְעוּדָה, וֶוען דֶער צַדִיק אִיז אַבִּיסְל אוֹיפְגֶעלֶעבְּט און אַ שְׁמֵייכְל בֶּעוַוייזְט זִיךְ אוֹיף זַיין הֵיילִיגֶע צוּרָה, וֶוערְן דַאמָאלְס אִין הִימְל גֶעעֶפְנְט אַלֶע שַׁעֲרֵי רַחֲמִים און דֶעם צַדִיק׳ס דִבּוּר בַּאהֶערְשְׁט אַלֶע וֶועלְטְן. עֶר בֶּעדַארְף נָאר זָאגְן, און הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ אִיז עֶס תֵּיכֶף מְקַיֵים.

הָאט עֶר בַּיי זִיךְ אָפְּגֶעמַאכְט אוֹיסְצוּנוּצְן דִי דָאזִיגֶע גֶעלֶעגְנְהֵייט.

יֶענֶעם פּוּרִים הָאט זִיךְ רַבִּי אַייזִיקְל פַארְשְׁטֶעלְט פַאר אַ אַלְטְן גוֹיאִישְׁן בֶּעטְלֶער, און גֶעמַאכְט הָאט עֶר דַאמָאלְס אַזֶעלְכֶע מִינֶעס און הַעֲוַויוֹת און גֶעשָׁאטְן הָאט עֶר מִיט אַזֶעלְכֶע חָכְמוֹת, אַז דֶער רֶבִּי הָאט נִישְׁט נָאר גֶעשְׁמֵייכְלְט, נָאר טַאקֶע הַארְצִיג גֶעלַאכְט, אַ זַאךְ וָואס מֶען הָאט בַּיים אַלְטְן צַדִיק ז״ל קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעזֶעהְן.

דֶעם צַדִיק׳ס צוּרָה הָאט אוֹיפְגֶעלוֹיכְטְן פַאר שִׂמְחָה. עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין אַ בְּחִינָה פוּן ״מוֹחִין דְגַדְלוּת״.

— שְׁטֶעל אוֹיף דִי טָארְבֶּע, אַלְטִיטְשְׁקֶער, וֶועל אִיךְ אַייךְ אַרַיינְוַוארְפְן אַ שְׁטִיקְל פוּן פּוּרִים קוֹילֶעטְשׁ — הָאט דֶער צַדִיק גֶעזָאגְט צוּם בֶּעטְלֶער מִיט אַ שְׁמֵייכְלְדִיגֶע מִינֶע.

רַבִּי אַייזִיקְל הָאט גוּט גֶעוואוּסְט וָואס דָאס מֵיינְט. דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם דֶערְמִיט גֶעוָואלְט מְכַבֵּד זַיין מִיט "לֶחֶם לֶאֱכוֹל", פַּרְנָסָה בְּהַרְחָבָה.

דֶער אַלְטֶער בֶּעטְלֶער הָאט אָבֶּער גֶעשְׁוִויגְן, זִיךְ קֵיין רִיהר נִישְׁט גֶעטְהוּן. גְלַייךְ וִוי נִישְׁט אִיהם מֵיינְט מֶען דָאס.

— עֶפְן אוֹיף דִי טָארְבֶּע — הָאט דַאן דֶער צַדִיק ווִידֶערְגֶעהָאלְט — וֶועל אִיךְ דִיר אַרַיינְוַוארְפְן אַ מַטְבֵּעַ.

אִיצְט הָאט דֶער צַדִיק גֶעוָואלְט אִיהם מְכַבֵּד זַיין מִיט עֲשִׁירוּת.

אוּנְזֶער רַבִּי אַייזִיקְל אִיז מִיט אַמָאל גֶעוָוארְן אוֹיס גוֹיאִישֶׁער בֶּעטְלֶער, עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ רֶעדְן צוּם רֶבִּין פְּרָאסְט אִידִישׁ, לֵאמֹר, אַזוֹי צוּ זָאגְן:

— הייליגער רבּי, "מַה תִּתֶּן לִי וְאָנֹכִי הוֹלֵךְ עֲרִירִי?". וואס טויג מיר פּרנסה בּהרחבה, צו וואס טויג מיר עשירות, אזוי לאנג ווי איך האב נישט קיין קינדער? א בּרכה וויל איך היינט פון אייך, רבּי, א בּרכה מיט א הבטחה. א בּרכּת ה׳ גיט מיר, א זוהן, א יורש, רבּי לעבּן.

ווייטער וועט מען זעהן אז פּיו הכשילו. אנשטאט צו זאגן "א זוהן א קדיש", האט ער געזאגט "א זוהן א יורש".

דער שמייכל פון דעם צדיק׳ס ליפּן איז מיט אמאל פארשוואונדן געווארן. זיין הייליגע צורה האט ווידער אנגענומען א ערנסטע מינע. ער האט זיך דאן אנגערופן:

— אויך דו, אייזיק׳ל? אויך דו בּיסט א דוחק את השעה? דו ווייסט דאך יא דעם דבּור פון מיין פאטער ז״ל אויף דער בּרכה פון "שֶׁעָשָׂה לִי כָּל צָרְכִּי", וואס מען זאגט יעדן אין דער פריה? (דער טייטש פון דער בּרכה איז, אז השם יתבּרך האט מיר געגעבּן אלצדינג וואס איך בּעדארף צו האבּן). דאס מיינט, וויבּאלד מען בּעדארף, האט מען עס.

טָאמֶער אָבֶער הָאט מֶען עֶס נִישְׁט, אִיז אַ סִימָן אַז מֶען בֶּעדַארְף עֶס נִישְׁט הָאבְּן.

— הָאט רַחְמָנוּת, רֶבִּי הֵיילִיגֶער, גִיט מִיר אִיצְט אַ בְּרָכָה, — הָאט זִיךְ רַבִּי אַייזִיק'ל גֶעבֶּעטְן רַחֲמִים, — עֶס דְרִיקְט מִיר שׁוֹין בִּיז צוּ דֶער נְשָׁמָה!

— יְהִי רָצוֹן, אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ זָאל בַּאלְד מְמַלֵא זַיין דַיין מְבוּקָשׁ — הָאט צוּ אִיהם דֶער רֶבִּי גֶעזָאגְט, אוּן דֶערְבַּיי אַ מַאךְ גֶעגֶעבְּן מִיט דֶער הַאנְד, אַלְס אַ צֵייכְן עֶר זָאל אָפְּטְרֶעטְן.

צוּם יָאהר הָאט רַבִּי אַייזִיק'לס וַוייבּ אִיהם גֶעבָּארְן אַ בֶּן זָכָר.

רַבִּי אַייזִיק'ל הָאט דַאן שְׁפֶּעטֶער גֶעווּאוֹינְט אִין בְּרָאד. עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט זַיין בֵּן יָחִיד ר. קֵיין לֶעמְבֶּערְג צוּ לֶערְנֶען אִין דֶער יְשִׁיבָה פוּן רַבִּי אַהֲרֹן לִיטְוַואק.

זַייעֶנְדִיג אִין לֶעמְבֶּערְג אוּן פַארְקֶעהרֶנְדִיג מִיט חֲבֵרִים גִימְנַאזִיסְטְן, אִיז רַבִּי אַייזִיק'לְס בֵּן יָחִיד נֶחְמַן גֶעוָוארְן. אַנְשְׁטָאט צוּ לֶערְנֶען אִין יְשִׁיבָה,

הָאבְּן איהם די חֲבֵרִים אָנְגֶערֶעדְט עֶר זָאל בֶּעסֶער שְׁטוּדִירְן און וֶוערְן אַ "לַייט". עֶר הָאט זֵיי גֶעפָאלְגְט, אַוֶועקְגֶעוָוארְפְן דָאס חֲסִידוּת און אִיז גֶעוָוארְן אַ "מַשְׂכִּיל", וָואס עֶס הָאט גֶעמֵיינְט: אַ אֶפִּיקוֹרוֹס, אַ פּוֹרֵק עוֹל מַלְכוּת שָׁמַיִם.

רַבִּי אַייזִיק'ל הָאט דֶערְפוּן גֶעהַאט גְרוֹיס צַעַר. עֶר הָאט גֶעטְהוּן אַלֶע עֶרְלֵיי מִיטְלֶען כְּדֵי מַחֲזִיר לְמוּטָב צוּ זַיין דֶעם בֵּן יָחִיד. עֶס הָאט אָבֶער גָאר נִישְׁט גֶעהָאלְפְן.

— אִיךְ ווִיל בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט אוֹיסְוַואקְסְן אַזַא בַּטְלָן וִוי דוּ — אִיז גֶעוֶועזְן דִי פֶּעסְטֶע תְּשׁוּבָה פוּן ר. צוּ זַיין פָאטֶער — אִיךְ ווִיל נִישְׁט, אַז מַיינֶע כִּשְׁרוֹנוֹת זָאלְן אִין מִיר אַזוֹי פַארְקְרִיפְּלְט וֶוערְן וִוי דַיינֶע כִּשְׁרוֹנוֹת אִין דִיר. דָאס אִיז מַיין לֶעצְטֶער וָוארְט, טַאטֶע, און דַיינֶע דִבּוּרִים זַיינֶען פָּשׁוּט אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶענֶע.

— זָאלְסְטוּ טַאקֶע נִישְׁט דֶערְלֶעבְן אוֹיפְצוּוַואקְסְן — הָאט דֶער פַארְוֵוייטָאגְטֶער פָאטֶער גֶעזָאגְט צוּ זַיין בֵּן יָחִיד אִין גְרוֹיס כַּעַס — אוֹי לִי וְאוֹי לְנַפְשִׁי. וֵויי אִיז צוּ מַיינֶע יָאהרְן וָואס

איך האב דאס דערלעבט צו הערן אזעלכע טרפה'נע דבורים פון מיין "סינאק". איך בין עס אבער ווערד. איך האב עס כשר פארדינט. זיך נישט געוואלט צוהערן צום הייליגן צדיק'ס דבורים.

א דערשלאגענער איז דאן רבי אייזיקל אהיימגעגאנגען צו זיין סטאנציע, זיך דארטן געריסן "קריעה" און זיך געזעצט "שבעה" נאך זיין בן יחיד, ווען ער האט זייט דאמאלס בעטראכט פאר א מת, נישט וועלנדיג דערמאנען זיין נאמען אדער פון איהם הערן וואס ער טהוט און אויב ער לעבט.

ער האט אויך זייט דאמאלס נישט דערמאנט דעם זוהן'ס נאמען אין דעם קוויטל וואס ער פלעגט געבן דעם רבין. אויך האט איהם דער צדיק נישט איבערגעפרעגט דערויף אפילו מיט א דבור.

ווידער אמאל פורים. דער צדיק זיצט ביי דער סעודה פארטיפט אין מחשבות. רבי אייזיק'ל, אלס פארשטעלטער, זוכט דורך פארשידענע מיטלען ארויסצוציהען א שמייכל פון דעם צדיק'ס ליפן.

ער זאָגט ווערטלאַך, שיט מיט חכמה׳לעך און קוקט זיך כסדר איין אין דעם צדיק׳ס צורה.

און דערזעהן האט ער פּלוצים אַ נערווייזן צוק אויפן רבינס פּנים, אַלס אַ פּאַרפּאַסט צו אַ קומענדיגן שמייכל. ער איז זיכער געווען, אַז עס איז אַ עת רצון און געפּאַסט האָט ער איצט אַ מורא׳דיגן בעשלוס.

— רבי, הייליגער רבי, — האָט רבי אַייזיק׳ל אויסגערופן מיט אַ געוואַלדיגן התחזקות — האָט רחמנות און נעמט אייך צוריק די מתנה וואס איהר האָט מיר אַמאָל געגעבן ביי דער פורים־סעודה. ער איז אַ בן סורר ומורה, ער פאַרדינט סקילה.

דער גוטער צדיק איז אויפגעציטערט געוואָרן. אַ טרויערדיגער וואלקן האָט זיך פאַרצויגן אויף זיין ליכטיגע צורה.

— וואס זאָגסטו, אייזיק׳ל? מיר זאָלן נעמען צוריק? חלילה וחס! מיר זיינען נותנים נישט קיין מקבלים. מיר האָבן דיר פריער געוואָרנט. ביזט דערויף איינגעגאַנגען. איצט זיי מקבל די יסורים באַהבה. עס שטייט דאך "יתמו חטאים" אָבער

נישט "חוטאים" (די זינד זאלן זיך אויסלאזן, אבער נישט די זינדיגע).

— רבי, ער איז נישט נאר א "חוטא", ער איז אויך א "מחטיא את הרבים", ער רעדט אן...

אבער דער צדיק האט איהם נישט געלאזט ענדיגן די דבורים. ער האט איהם איבערגעשלאגן, זאגנדיג צו איהם:

— אייזיק'ל, איך זעה אז דו פיהלסט דיר אומגליקליך, טא וועלן מיר מקיים זיין דעם פסוק: "תנו שכר ויין למרי נפש". לאמיר דיר מכבד זיין מיט א בעכער וויין.

מיט זיינע אייגענע הענד האט דאמאלס דער צדיק אנגעגאסן א גרויסער כוס וויין און מיט איהם מכבד געווען רבי אייזיק'לען ער זאל איהם אויסטרינקען.

איינער פון די חסידים, וועלכער איז געשטאנען נעבן רבי אייזיק'לען, האט איהם בשתיקה א ציה געגעבן ביים ארבל, אלס א צייכן, ער זאל איצט דעם וויין נישט טרינקען.

עֶר הָאט פַארְשְׁטַאנֶען וָואס דֶער דָאזִיגֶער כָּבוֹד בֶּעדַייט.

— אִיךְ וֵוייס עֶס — הָאט צוּ אִיהם שְׁטִילֶערְהֵייט רַבִּי אַייזִיק'ל גֶעזָאגְט — אוֹיבּ אַזוֹי אִיז דֶעם רֶבִּינְס רָצוֹן, בִּין אִיךְ עֶס מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה.

רַבִּי אַייזִיק'ל הָאט גֶעמַאכְט אַ בְּרָכָה, טוֹעֵם גֶעוֶועזְן אַבִּיסְל, גֶעטְרוּנְקֶען צוּם רֶבִּין "לְחַיִּים", אוּן דַאן אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען דֶעם גַאנְצְן כּוֹס.

דֶער צַדִּיק הָאט אִיהם דַאמָאלְס מְכַבֵּד גֶעוֶועזְן נָאר מִיט דֶער "כּוֹסָה" אָבֶּער נִישְׁט מִיט שִׁכְרוּת.

זַייט דַאמָאלְס, הָאט רַבִּי אַייזִיק'ל כִּמְעַט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ עֶסְן. עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעזֶעסְן, וואוּ עֶר אִיז נָאר גֶעוֶועזְן, אִין דֶער שֵׁיינְק אוּן גֶעטְרוּנְקֶען מֶעד אוּן וַויין. בְּרָאנְפְן הָאט עֶר כִּמְעַט גָאר נִישְׁט גֶעטְרוּנְקֶען. מַשְׁקֶה הָאט אִיהם יֶעדֶער גֶעגֶעבְּן בְּרָצוֹן טוֹב. וַוייל בַּיים טְרִינְקֶען, פְּלֶעגְט עֶר דֶערְצֵיילְן שְׁטוֹינֶענְדֶע סִפּוּרִים פוּן צַדִּיקִים; עֶס הָאט זִיךְ פוּן אִיהם גֶעגָאסְן מַעֲשִׂיוֹת וִוי פוּן אַ קְוַואל. שִׁכּוֹר אִיז עֶר אָבֶּער קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעוֶועזְן,

נָאר מְבוּשָׁם׳דִיג און תָּמִיד בַּיים שֵׂכֶל הַיָּשָׁר. ווִיבַּאלְד עֶר אִיז גֶעוֶועזְן שׁוֹין גָאר בְּגִלוּפִין׳דִיג, הָאט עֶר גֶעכַאפְּט אַ דְרִימְל, טַאקֶע בַּיים שֵׁיינְק־טִישׁ, הַאלְטְנְדִיג דֶעם כּוֹס אִין דֶער הַאנְד. בַּאלְד אָבֶער הָאט עֶר זִיךְ צוּטְשׁוּכֶעט, גֶעוָוארְן פְּרִישׁ ווִי אַ נוּס, כְּדֵי ווִידֶער צוּ טְרִינְקֶען אוּן ווִידֶער צוּ דֶערְצֵיילְן וואוּנְדֶער־מַעֲשִׂיוֹת פוּן קְדוֹשִׁים.

# גֶעבְּן זָאל אַ צְוֵוייטֶער

וֶוען דֶער גָאוֹן רַבִּי יוֹסֵף בֶּער סָאלָאוֵוייצִיק זצ"ל אִיז גֶעוֶוען רָב אִין בְּרִיסְק, הָאט דֶער גְרַאף צוּ וֶועמֶען עֶס הָאט גֶעהֶערְט דִי שְׁטָאט, אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן אַ גְזֵרָה צוּ נֶעמֶען דִי אִידִישֶׁע קְרָאמֶען אוּן עֶס אִיבֶּערְפִיהְרְן אִין אַ אַנְדֶער אָרְט. אַזוֹי אַרוּם זַיינֶען פִּיל אִידְן גֶעשְׁטַאנֶען צוּ בְּלַייבְּן אָן פַּרְנָסָה, זַיינֶען דִי קְרֶעמֶער גֶעקוּמֶען צוּ לוֹיפְן צוּם רָב עֶר זָאל הֶעלְפְן אַרָאפְּנֶעמֶען דִי גְזֵירָה. מֶען הָאט בַּאלְד צוּנוֹיפְגֶערוּפְן אַ אֲסִיפָה אוּן דַן גֶעוֶוען וְוִי אַזוֹי צוּ גֶעפִינֶען אַ וֶועג צוּשְׁטֶערְן דִי גְזֵירָה. אִיז גֶעבְּלִיבְּן אַז נָאר מִיט גֶעלְד קֶען מֶען דָא עֶפֶּעס אוֹיפְטְהוּן.

מֶען הָאט אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן דִי קְרֶעמֶער וֶועגְן דֶעם, אַז זֵיי דַארְפְן צְווִישְׁן זִיךְ צוּזַאמֶענְקְלַייבְּן אַ חָשׁוּבֶע סוּמֶע גֶעלְד אוּן אַרַיינְטְרָאגְן דֶעם גְרַאף, דִי גֶעלְד וֶועט שׁוֹין בְּרֵיינְגֶען דִי גֶעווּאוּנְטְשֶׁענֶע רֶעזוּלְטַאטְן.

װען עס איז אָבער געקומען צום געבן האָט זיך יעדער אײנער אַרױסגעדרײט מיט אַ אַנדער תּירוץ און אַרױפגעלײגט אױף אַ צװײטן, זאָל אַ אַנדערער געבן די געלד...

— רבותי! האָט רבי יאָשע בער אױסגערופן מיט אַ שמײכל צו די קרעמער — עס קומט אײך אַ גרױסן יישר כח. דורך אײך איז מיר פאַרענטפערט געװאָרן זײער אַ האַרבע קשיא. איך האָב קײנמאָל נישט געקענט פאַרשטײן דאָס װאָס װערט דערצײלט אין דער מגילה, אַז המן האָט געגעבן פאַר אחשורוש עשרת אלפים כּכּר כּסף און דורכדעם האָט ער אַרױסגעגעבן די גזירה להשמיד להרג ולאבד. און װאו זײנען דאַן געװען די אידן? פאַרװאָס האָבן זײ צװישן זיך נישט צוזאַמענגעקליבן אַ סומע פון צװאַנציג טױזנט כּכּר כּסף און אָפּגערופן די גזירה?

— יעצט — האָט רבי יאָשע בער אױסגעפיהרט — האָט איהר עס מיר פאַרענטפערט. די אידן האָבן טאַקע געװאָלט טהון, מען האָט צונױפגערופן אַ אסיפה און מען האָט געדאַרפט צוזאַמען קלײבן די דאָזיגע סומע,

װען עס איז געקומען צום אײנמאנען האט זיך יעדער אײנער ארױסגעדרײט און אנגעװיזן אויף דעם חבר:

— זאל יענער געבן, איך האב נישט...

אלס דורכן װײן

דער טעם, פארװאס עס איז פורים א מצוה צו שכור׳ן, איז דערפאר, װײל די הױפּט נסים פון פורים זײנען פארבונדן מיטן "כטוב לב המלך ביין", א דאנק װעלכן עס איז געקומען צו דער באקאנטער סצענע מיט ושתי׳ן און צום באשטימען אויף איהר ארט אסתר׳ן אלס מלכה, און אויך דער סוף פון המן׳ען און זײן ענדגילטיגע מפלה, איז געשעהן בײם "משתה היין"...

(ספר המנהגים)

# דְרַיי מָאל גֶעלַאכְט

דֶער פּוּרִים׳דִיגֶער טִישׁ פוּן דֶעם צַדִיק רַבִּי יִשְׂרָאֵל רִיזְשִׁינֶער זצ״ל, אִיז גֶעוֶוען מוֹרָא׳דִיג. דֶער רֶבִּי אִיז כְּסֵדֶר גֶעזֶעצְן פַארְטְרַאכְט מִיט פַארְמַאכְטֶע אוֹיגְן, זִינְגֶענְדִיג דָאס בַּאקַאנְטֶע פַארְוֵוייטָאגְטֶע נִיגוּנְ׳דְל, וֶועלְכֶע עֶס אִיז אָנְגֶעזַאפְּט מִיט אַ בֶּיינְקֶענִישׁ צוּ דֶער שְׁכִינָה.

עֶס הָאט נִישְׁט גֶעהָאלְפְן יָאסְל בְּרָאדֶער׳ס חָכְמוֹת. דֶער רֶבִּי הָאט אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעשְׁמֵייכְלְט.

יָאסְל בְּרָאדֶער אִיז גֶעוֶוען בַּיי דֶעם רִיזְשִׁינֶער ז״ל, דֶער פְרֵיילַאךְ־מַאכֶער פוּן הוֹיף. וִוי גְרוֹיס דֶער פַּחַד אוּן יִרְאַת הַכָּבוֹד אִיז גֶעוֶוען פַאר דֶעם רִיזְשִׁינֶער, הָאט יָאסְל בְּרָאדֶער שְׁטֶענְדִיג גֶעהַאט אַ פְרַייעָ הַאנְט צוּ מַאכְן זִיךְ אַלֶע סָארְט הַלָצוֹת אִין גֶעגְנְוַוארְט פוּן דֶעם רֶבִּין. אוּן אַ גְבוּרָה הָאט עֶר גֶעהַאט, אַז קוֹים הָאט עֶר גֶעעֶפְנְט זַיין מוֹיל

אַרויסְצוּרֵיידְן אַ וָוארְט, הָאט דֶער רֶבִּי ז״ל גֶעגֶעבְּן אַ שְׁמֵייכְל, אָבֶּער טַאקֶע נָאר אַ שְׁמֵייכְל, גֶעלַאכְט הָאט עֶר כִּמְעַט קֵיינְמָאל נִישְׁט, אָבֶּער דֶעם רֶבִּינְס אַ בְּלוֹיזֶער שְׁמֵייכְל הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט גֶענוּג כֹּחַ אַרויסְצוּרוּפְן אַ אוּנְגֶעהוֹיעֶרֶע שִׂמְחָה בַּיי אַלֶע זַיינֶע חֲסִידִים, ווִיסְנְדִיג אַז דֶעם רֶבִּי׳נְס אַ שְׁמֵייכְל אִיז אַ גְרוֹיסֶע זַאךְ.

דֶער רִיזְשִׁינֶער אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער פְרַיינְד פוּן שִׂמְחָה אוּן אַ שְׁטַארְקֶער שׂוֹנֵא פוּן עַצְבוּת. אַ חָסִיד מִיט אַ זוֹיעֶר פָּנִים הָאט נִישְׁט גֶעטָארְט קוּמֶען אוּנְטֶער זַיינֶע אוֹיגְן. עֶר פְלֶעגְט זָאגְן, אַז אוֹיף אַ פְרֵיילִיךְ פָּנִים רוּהט דִי שְׁכִינָה, מִיט שִׂמְחָה קֶען מֶען אַלֶעס פוּעָלְן בַּיי הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ, וַוייל כַּבְיָכוֹל אִיז מְקוֹר הַשִּׂמְחָה, עַצְבוּת אוּן מָרָה שְׁחוֹרָה אִיז נָאר מַעֲשֵׂה שָׂטָן. עֶר פְלֶעגְט זָאגְן, אַז עֶר הָאט לִיבֶּער אַ לוּסְטִיגְן דַייטְשׁ, אֵיידֶער אַ מָרָה שְׁחוֹרָה׳דִיגְן חָסִיד, פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ שְׁטַארְקֶער מִתְנַגֵּד פוּן לַאכְן.

— שִׂמְחָה אִיז עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ, אוּן לַאכְן אִיז עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ — הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט אִין אַ שְׁמוּעֶס מִיט דִי מְקוּרָבִים — לַאכְן אִיז גָאר נִישְׁט

מַעֲשֶׂה איד, די אִידִישֶׁע שִׂמְחָה דַארְף זַיין אִין די בְּחִינָה פון "עוֹז וְחֶדְוָה בִּמְקוֹמוֹ", זי דַארְף זִיךְ גֶעפִינֶען אִין פְּנִימִיוּת, אִין תּוֹךְ פון הָארְצְן. די גוֹיאִישֶׁע שִׂמְחָה אָבֶער בֶּעשְׁטֵייט פון בְּלויז חִיצוֹנִיוּת, דָאס לַאכְן איז נָאר אַ שִׂמְחָה לְשָׁעָה, אַ שְׂחוֹק עוֹבֵר. דָאס אִיז דֶער סוֹד פון דֶעם פָּסוּק "אַל תִּשְׂמַח יִשְׂרָאֵל אַל גִּיל כָּעַמִּים". אַ אִיד בֶּעדַארְף נִישְׁט אוּן עֶר טָאר זִיךְ נִישְׁט פְרֵייעֶן אוֹיפְן זֶעלְבְּן אוֹפָן ווי לְהַבְדִיל דֶער גוֹי.

אָבֶער אֵיינְמָאל אִין יָאהר, פְלֶעגְט דֶער רִיזְשִׁינֶער מַאכְן אַ אוֹיסְנַאם, גֶעבְּנְדִיג אַ אֶמֶת׳ן לַאךְ. דָאס פְלֶעגְט זַיין אִין דֶער פּוּרִים׳דִיגֶער סְעוּדָה, וֶוען יָאסְל בְּרָאדֶער פְלֶעגְט אַרַיינְקוּמֶען אַ פַארְשְׁטֶעלְטֶער, מַאכְנְדִיג פַארְשִׁידֶענֶע הַעֲוָיוֹת אוּן דֶערְצֵיילְן אַלֶע סָארְטְן הֲלָצוֹת. צוּם אָנְהוֹיבּ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ בֶּעוַוייזְן אוֹיף דֶעם רֶבִּינְס פָּנִים אַ שְׁמֵייכְל וֶועלכֶער הָאט זִיךְ כְּסֵדֶר פַארְגְרֶעסֶערְט בִּיז צוּ אַ אֶמֶתְדִיגְן לַאךְ. אָבֶער טַאקֶע נָאר אֵיין אֵיינְצִיגְן לַאךְ, נִישְׁט מֶעהר. גְלַייךְ נָאכְדֶעם אִיז דָאס הֵיילִיגֶע פָּנִים אַנְדֶערְשׁ גֶעוָוארְן, אָנְגֶעמֶענְדִיג צוּרִיק דֶעם פְרִיעֶרְדִיגְן עֶרְנְסְט. דָאס גֶעלֶעכְטֶער אִיז

ווי מִיט אַמָאל אָפְּגֶעהַאקְט גֶעוָוארְן. דָאס הֵייסְט, אָט הָאבּ אִיךְ אָבְּגֶעטְהוּן מַיינְס, אָבְּגֶענַארְט דֶעם שָׂטָן, דֶעם עֲמָלֵק, אוּן מֶעהר טָאר מֶען נִישְׁט — —

וֶועגְן דֶעם לַאכְן, הָאט עֶר אַמָאל גֶעזָאגְט דִי וֶוערְטֶער:

— פּוּרִים אִיז אַ עֵת רָצוֹן זִיךְ צוּ שְׁטַארְקְן אִיבֶּער דֶעם ס״מ, דֶער שָׂטָן וָואס עֶר וֶוערְט אָנְגֶערוּפְן עֲמָלֵק, מְבַטֵל צוּ זַיין זַיינֶע קִטְרוּגִים אוֹיף דֶער כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל. כְּדֵי אָפְּצוּנַארְן דַארְף מֶען זִיךְ פַארְשְׁטֶעלְן אִין זַיינֶע מַלְבּוּשִׁים, אוּן זָאל עֶר מֵיינֶען אַז מִיר פִיהרְן זִיךְ אִין זַיינֶע מִנְהָגִים, כְּדֵי עֶר זָאל אוּנְז בַּאטְרַאכְטְן פַאר אֵיינֶעם פוּן זַיינִיגֶע, אוֹיף וֶועמֶען עֶס אִיז מֶעהר נִישְׁטָא וָואס צוּ מְקַטְרֵג זַיין. אַזוֹי וִוי עֶר אִיז נָאר מֵסִיחַ דַעַת פוּן אוּנְז, אִיז גְרִינְג צוּ מְבַטֵל זַיין יֶעדְן גְזַר דִין וָואס עֶס הֵיינְגְט אִיבֶּער אִידִישֶׁע קֶעפּ. דָאס מֵיינְט דִי גְמָרָא: ״חַיָיב אָדָם לִבְסוּמֵי בְּפוּרְיָא עַד דְלֹא יָדַע בֵּין אָרוּר הָמָן לְבָרוּךְ מָרְדְכַי״. אַ אִיד דַארְף זִיךְ אָנְשִׁכּוֹר׳ן אִין פּוּרִים, אָנְנֶעמֶען פַאר אַ וַוײלֶע דֶעם שָׂטָנ׳ס מִנְהָגִים, כְּדֵי אִיהם אָבְּצוּנַארְן, אָבֶּער נָאר בִּיז אַ בַּאשְׁטִימְטְן

גְבוּל, מֶען דַארְף וויסְן וֶועןְ אוּיפְצוּהֶערְן.

דָאס איז גֶעוֶוען דֶער טַעַם פון דֶעם רִיזְשִׁינֶער׳ס לַאכְן בַּיי דֶער פּוּרִים׳דִיגֶער סְעוּדָה.

דָאס יָאהר אָבֶער, הָאבְּן אַלֶע חָכְמוֹת און הַלָצוֹת פון יָאסְל בְּרָאדֶער נִישְׁט גֶעהַאט די קְלֶענְסְטֶע פְּעוּלָה.

אַלֶע חֲסִידִים הָאבְּן גֶעזֶעהן בְּחוּשׁ אַז עֶס הֵיינְגְט אַ סַכָּנָה׳דִיגֶער גְזַר דִין אִיבֶּער דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל.

פְּלוּצְלוּנְג הָאט דֶער רֶבִּי גֶעעֶפְנְט די אוֹיגְן, אַרוּמְגֶעקוּקְט זִיךְ אוֹיף אַלֶע זַייטְן, אַזוֹי וִוי עֶר וָואלְט יֶעצְט אַרָאפְּגֶעקוּמֶען פון אַ אַנְדֶער וֶועלְט. אָט שְׁטֵייט פַאר אִיהם יָאסְל בְּרָאדֶער מִיט אַ פָּנִים פון גֶעמַאכְטֶע חוּצְפָּה, זָאגְנְדִיג דֶעם רֶבִּין:

— אַייעֶרֶע חֲסִידִים, רֶבִּי, הָאבְּן אוֹיף אַייךְ גְרוֹיס פַארְאִיבְּל, זֵיי זַיינֶען אוֹיף גֶעהַאקְטֶע צָרוֹת מֶעהר וִוי אַלֶע חֲסִידִים פון אַנְדֶערֶע רֶבִּיִים. זֵייעֶר גוֹרָל אִיז נֶעבַּאךְ בִּיטֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט און אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט.

— וָואס מֵיינְסְטוּ דֶערְמִיט צוּ זָאגְן? — הָאט דֶער רִיזְשִׁינֶער גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ מֵיין פָּשׁוּט כִּפְשׁוּטוֹ — הָאט יָאסְל בְּרָאדֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט — אָט לָאמִיר אַייךְ זָאגְן: וֶוען אַ חָסִיד פוּן אַ אַנְדֶער רֶבִּין גְרֵייט זִיךְ צוּ פָאהְרְן צוּ זַיין צַדִיק, גְרֵייט אִיהם זַיין וַוייבּ צוּ צֵידָה לַדֶרֶךְ, מַמָשׁ פוּן אַלֶעס גוּטְס, דֶער שְׁטָאטִישֶׁער עוֹלָם בַּאגְלֵייט אִיהם מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד. קוּמֶענְדִיג צוּ זַיין רֶבִּין, פְרֵייט זִיךְ דֶער רֶבִּי מִיט אִיהם, אוּן עֶר אִיז אִיהם מְקַרֵב מִיט אַלֶע סָארְטְן וֶועגְן. מֶען זִינְגְט אִין אֵיינֶעם, מֶען טַאנְצְט צוּזַאמֶען, אוּן עֶס אִיז לֶעבֶּעדִיג, עֶס אִיז שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה.

יֶעצְט וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֵיילְן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ מִיט אִיהם אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. אַזוֹי וִוי דֶער נִפְטָר קוּמְט פַאר דֶעם בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה, גִיט אִיהם דֶער הוֹיפְּט רִיכְטֶער אַ פְרֶעג:

— וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט?

— אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַ חָסִיד — עֶנְטְפֶערְט

דער נפטר קלאפנדיג מיט די ציינער, וויסנדיג, אז דער בית דין של מעלה ווייס שוין פון פריער גוט אלע געשעהענישן וואס ער איז דורכגעגאנגען און אלע זיינע זינד.

— א חסיד? פון וועלכן רבין?

— מיין רבי איז געוועז דער און דער — ענטפערט ער מיט טויט שרעק.

— אזוי, לויט דעם רבין איז ער גאנץ א שיינער חסיד — זאגט דער הויפט ריכטער צו דער פמליא של מעלה — אין גן עדן אריין!

ווי אזוי גייט דאס אבער מיט אייער'ס א חסיד, אויף אלע שונאי ישראל געזאגט. וויל ער פאהרן צו אייך קיין סאדיגורע, מוז ער זיך אוועקגנב'נען ביינאכט, פארכאפנדיג זיך בלויז דעם טלית און תפילין. פון התקרבות קען דאך ביי אייך גאר קיין מדובר נישט זיין, קוים וואס ער האט די זכיה אנצוריהרן אייערע שפיץ פינגער ביי דער קבלת שלום און צו הערן פון אייך ביי דעם געזעגענען די פאר געציילטע ווערטער "פאהרט

לְחַיִּים וּלְשָׁלוֹם", מֶעהר קוּקְט אִיהר אַייךְ אוֹיף אִיהם נִישְׁט אוּם.

קוּמֶענְדִיג ווִידֶער אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט אוּן הֶערְנְדִיג דִי שְׁאֵלָה: וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, עֶנְטְפֶערְט עֶר מִיט גַאֲוָה: "אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַ רִיזְשִׁינֶער חָסִיד", הָאפְנְדִיג אַז אַייעֶר נָאמֶען וֶועט אִיהם רַאטֶעוֶוען פוּן חִבּוּט הַקֶבֶר אוּן פוּן דִי שִׁבְעָה מְדוֹרֵי גֵיהִנוֹם.

— אַזַא גְרוֹיסֶן רֶבִּין, אוּן דָאךְ אַזַא צוּקַאלִיטְשֶׁעטֶער חָסִיד — רוּפְט אוֹיס דֶער הוֹיפְּט רִיכְטֶער מִיט כַּעַס — אִין גֵיהִנוֹם אַרַיין!

— פַארְוָואס זְשֶׁע זוּכְסְטוּ דִיר נִישְׁט אוֹיס אַ אַנְדֶער אָרְט — הָאט אִיהם דֶער רִיזְשֶׁענֶער גֶעפְרֶעגְט, בִּשְׁעַת אוֹיף זַיין הֶיילִיגֶער צוּרָה הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ וַוייזְן שְׁפּוּרְן פוּן אַ שְׁמֵייכְל.

— וַוייל יָאסְל בְּרָאדֶער זָאגְט, עֶס אִיז מִיר בֶּעסֶער צוּ זַיין אִין אוּנְזֶער גֵיהִנוֹם...

דֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ שְׁטַארְק צוּלַאכְט, אוּן גֶעלַאכְט הָאט עֶר דַאמָאלְס צְוֵויי מָאל.

בַּאלְד הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ זָאגְן תּוֹרָה מִיט דֶער זֶעלְבֶּער כַּוָּנָה, אוֹיפְן פָּסוּק: "אַשְׁרֵי הָעָם", גְלִיקְלִיךְ אִיז דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל "שֶׁכָּכָה לוֹ", כָאטְשׁ עֶר הָאט זִיךְ אוֹיסְצוּשְׁטֵיין אִין גָלוּת פוּן צָרוֹת אוּן רְדִיפוֹת מֶעהר וִוי אַלֶע פֶעלְקֶער, פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן "אַשְׁרֵי הָעָם", פִיהלְט זִיךְ כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל גְלִיקְלִיךְ, ווייל "שֶׁהַשֵּׁם אֱלֹקָיו". בֶּעסֶער צוּ לַיידְן צָרוֹת זַייעֶנְדִיג גָ־ט׳ס פָאלְק, אֵיידֶער צוּ הָאבְּן נַחַת אוּן פְרֵייד אוּנְטֶער דֶער רְשׁוּת פוּן דֶער סִטְרָא אַחֲרָא.

אוּן דֶער רֶבִּי הָאט גֶעלַאכְט צוּם דְרִיטְן מָאל, אוּן דִי חֲסִידִים הָאבְּן מִיטְגֶעלַאכְט. עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ שִׂמְחָה אִין אַלֶע עוֹלָמוֹת, דֶער ס"ם אִיז מְבוּלְבָּל גֶעוָוארְן, אוּן דֶער גְזַר דִין אִיז בָּטֵל גֶעוָוארְן.

עֶס אִיז דַאן גֶעוֶוען אַ פְרֵיילַאכֶער פוּרִים בַּיים רִיזְשִׁינֶער צַדִיק זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ.